מארקס—ענגעלס—לענינ-אינסטיטוט באמ צק אלקפ(ב)

פראלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

א. סטעצקי

# אינ קאמפ פאר דער לענינשער טעאָריע

(א זאמלונג ארטיקלענ אונ רעדעס)



פארלאג „עמעס“, מאָסקווע, 1934

# פאָרוואָרט

די דאָזיקע זאמלונג אנטהאלט ארטיקלענ אונ ארויסטרעטונגענ איבער איינִיקע פראגנ פונ דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע. די ערשטע דרײַ זײַנענ, אינ גרונט גענומענ, געווידמעט די פראגנ פונ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, פראגנ, וואָס זײַנענ זייער אקטועל בא הײַנטיקנ טאָג.

א. סטעצקי

דעם 4־טנ נאָיאבער, 1933.

# לענינ אונ דער סאָציאַליסטישער פלאנ*

כאווײרים, נײַנ יאָר זײַנענ אריבער זינט דעמ מאָמענט, ווענ די ארבעטנדיקע מאכנ פונ ראטנפארבאנד אונ אונדזער פארטיי האָבנ געליטנ א שווערנ אָנווער.

נײַנ יאָר זײַנענ אריבער זינט דעמ טאָג, ווענ לענינ איז געשטאָרבנ, אָבער דער צאר, וואָס מיר האָבנ דעמלט געפילט, איז נאָכ איצט אויכ פונקט אזוי לעבעדיק אינ די הערצער פונ די ארבעטנדיקע, אינ די הערצער פונ די מיטגלידער פונ אונדזער פארטיי.

כ'איז געשטאָרבנ לענינ — דער גרויסער פירער, געניאַלער דענקער אונ צוגלײַכ נאָענטער פרײַנט, דער מענטש, וואָס איז אמ סאמע נאָענטסטנ יעדנ ארבעטנדיקנ, יעדנ פראָלעטאריער. אפילע די סאָנימ לענינס זײַנענ געצווונגענ געווענ אימ אָפצוגעבנ דעמ געהעריקנ קאָוועד, אוועקצושטעלנ אימ אינ איינ רײ מיט די גרעסטע טוער פונ דער וועלט-געשיכטע. זײ האָבנ אָבער ניט פארשטאנענ די גרויסקײַט פונ לענינס געני. זײ האָבנ געבויט זײערע אויסרעכענונגענ אפ דעמ, אז נאָכ לענינס טויט וועט די פארטיי אומפארמײַדלעכ זיכ א וואקלטאָנ, אז לענינס ווערק וועט צעפאלנ ווערנ אונ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע וועט לײַדנ א קראכ. זײ האָבנ ניט פארשטאנענ, אז לענינ איז דער פירער פונעמ סאמע פאָרגעשריטענעמ, סאמע רעוואָליוציאָנערנ קלאס פונ דער הײַנטיקער צײַט, אז לענינ איז זײַנ אויסדריקער, זײַנ געני, דער געני פונ א קלאס, וואָס קעמפט קעגנ שקלאפערײַ אונ אונטערדריקונג, וואָס פירט נאָכ זיכ אלע ארבעטנדיקע, וואָס האָט געמאכט די פראָלעטארישע רעוואָליוציע אפ א

---

* פאָרטראָג אפ דער טרויער-זיצונג, געווידמעט דעמ נײַנטנ יאָרצײַט נאָכ לענינס טויט, דעמ 21־טנ יאנואר 1933.

זעקסטל פונעם ערדקײַלעכ און וואָס אים געהערט די צוקונפט אינ גאָר דער וועלט. דאָס האָבנ זיי ניט פארשטאנענ.

לענינ איז געווענ ניט נאָר א גענִיאלער דענקער און פירער, ער איז צוגלײַכ געווענ דער גרעסטער פראקטיקער און אָרגאניזאטער פונ דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

פאר דער צײַט פונ זײַנ טעטיקײַט, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ נאָכ אינ יענע יאָרנ, ווענ דער ארבעטער-קלאס אינ רוסלאנד איז צומ ערשטנ מאָל ארופגעטראָטנ אפ דער היסטאָרישער ארענע ווי א זעלבשטענדיקע קראפט, האָט לענינ באשאפנ און דערצויגנ אונדזער קאָמוניסטישע פארטיי; ער האָט דערנאָכ באשאפנ דעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל — דעמ אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאָרער וועלט. ער האָט באוואָפנט אָט די קאָמוניסטישע פארטיי מיט דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע. דעריבער האָט די לענינשע פארטיי זיכ ניט קיינ וואקל געטאָנ אויכ נאָכ לענינס טויט, נאָר פארקערט, מיט דער גרעסטער אנטשלאָסנקײַט, מיט דער גרעסטער מעסירעסנעפעש, פאָלגנדיק לענינס אָנווײַזונגענ, פארטיידיקנדיק די ריינקײַט פונ דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע קעגנ אלע אטענטאטנ, קעגנ אלע פרווונ זי צו רעווידירנ, קאָנטראָלירנדיק יעדנ טריט אירנ פונעמ שטאנדפונקט פונ דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע, האָט זי געפירט און פירט דעמ פראָלעטאריאט און אלע ארבעטנדיקע מאסנ צו נײַע ניצכוינעס.

לענינס געני לעבט ווײַטער אינ די מיליאָנענ פראָלעטאריער, וואָס פירנ דעמ קאמפ פאר סאָציאליזמ, ער לעבט אינ אונדזער פארטיי, וואָס איז באוואָפנט מיט זײַנ לערע, פאָלגט זײַנע אָנווײַזונגענ, קעמפט פאר זײַנ זאכ. ער לעבט אינ דער אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי, וואָס שטייט אומאָפנייגלעכ אפ דער וואכ פונ דער מארקס־לענינשער לערע, וואָס פירט אָנ מיטנ וועלט־היסטאָרישנ קאמפ לויט לענינס געבאָטנ און וואָס ווערט דעריבער פונ אונדזער פארטיי מיט רעכט אָנגערופנ לענינשע אָנפירונג.

## 1. דער פינפיאָר איז די פארקערפערונג פונ לענינס געבאָטנ

און אצינד, כאווײרימ, ווענ די ארבעטנדיקע פונעמ ראטנפאר־באנד פײַערנ דאָס פארענדיקנ דעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר, קאָנענ זיי מיט שטאָלצ זאָגנ, אז האָבנדיק אויסגעפילט אָט דעמ פינפיאָר־פלאנ,

פאַר וועלכע זיי האָבן זיך מיט אַזאַ ענטוזיאַזם געשלאָגן, האָבן זיי פאַרקערפּערט אין לעבן לענינס געניאַלע אָנווייַזונגען, זייַנע געניאַלע אידייען.

ווייל לענין האָט אָנגעמערקט דעם גראַנדיעזן פּלאַן פאַר דער באַוועגונג צום סאָציאַליזם, אַלע אויסגאַנג־פּונקטן און ליניעס פאַר אונדזער אַנטוויקלונג. לענין איז געווען דער איניציאַטאָר פון שאפן דעם מעלוכע־פּלאַן, וואָס שפּילט בא הייַנטיקן טאָג אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין אונדזער עקאָנאָמיק. לענין פלעגט באַזונדערס אונטער־שטרייַכן, אַז מיר מוזן ניט בלויז זאָרגן וועגן אונדזערע נאָענטסטע באַדערפעניש, נאָר אויך וועגן אַ ברייטערן פּלאַן, וואָס איז אויס־גערעכנט אַף אַ לענגערן טערמין און וואָס האָט אין זיין פּערספּעקטיוו די אויסבויונג פונעם סאָציאַליזם.

און לענין האָט אומדערמידלעך געאַרבעט, אַז מיר זאָלן האָבן אַזאַ פּלאַן. ער האָט דער ערשטער אַרויסגערוקט די אידיי פונעם באַרימטן עלעקטריפיקאַציע־פּלאַן, האָט אָנגעפירט מיט זיין דורכאַרבעטונג. ער פלעגט אונטערשטרייַכן די באַדייַטונג פון דעם דאָזיקן פּלאַן, אַלס ערשטן גאַנג אין דער באַוועגונג צום סאָציאַליזם.

רעדנדיק וועגן דער אויספילונג פונעם פינפיאָר, פייַערנדיק דאָס פאַרענדיקן דעם ערשטן פינפיאָר, די ערשטע ריי גרויסע בוי־אַרבעטן, וואָס אונדזער פּאַרטיי האָט דורכגעפירט, מוזן מיר קוידעמקאָל געבן אַ גענויע אָפּשאַצונג פון דעם, וויאַזוי מיר האָבן אין מעשעך פונעם פינפיאָר אויסגעפילט לענינס גרונט־אָנווייַזונגען.

וולאַדימיר איליטש פלעגט זאָגן, אַז דער העכסטער פּרינציפּ פון דער דיקטאַטור איז — אייַנהייט דעם בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, אייַנהייטנדיק דערבייַ די אָנפירנדיקע ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט. ווען מיר כאַראַקטעריזירן דעם קאַמף פון אונדזער פּאַרטיי פאַר אויספילן דעם פינפיאָר, מוזן מיר פריער פון אַלץ אונטערשטרייַכן, אַז אָט דער קאַמף איז געווען געווענדט גראָד אין דער ריכטונג פון דער דאָזיקער פאַרפעסטיקונג פונעם בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום און פון זיכערן די אָנפירנדיקע ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אָט דעם בונד.

די פּאַרטיי האָט אָפּגעשלאָגן די אַטאַקעס פון די טראָצקיסטן, וועלכע האָבן פאָרגעלייגט אַ ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראָ־

גראמ, וואס פירט צו אנ איינרייס פונעמ בונד מיטנ פויערטומ. זי האט צוגלייכ דערמיט אפגעשלאגנ אויכ די אטאקעס אפ דער לענינשער ליניע מיצאד די רעכטע אפארטוניסטנ, וואס האבנ איינגע־פירט די אנפירנדיקע ראליע פונעמ פראלעטאריאט אינ דעמ דאזיקנ בונד, וואס האבנ אונדז גערופנ צו א צוריקטריט.

לענינ האט געזאגט, אז —

„אויב מיר וועלנ איינהיטנ פארנ ארבעטער־קלאס די אנפירונג מיטנ פויערטומ, וועלנ מיר באקומענ א מעגלעכקייט פארנ פרייז פונ דער גרעסטער אונ גרעסטער עקאנאמיע אינ דער ווירטשאפט פונ אונדזער מעלוכע צו דערשלאגנ זיכ, אז יעט־ווידע מינדעסטע אפשפארונג זאל איינגעהיט ווערנ פאר דער אנטוויקלונג פונ אונדזער גרויסער מאשינ־אינדוסטריע, פאר דער אנטוויקלונג פונ דער עלעקטרי־פיקאציע, פונ הידראטארפ, אפ צו פארענדיקנ בויענ דעמ וואלכאוובוי אונ אנדערע.

דערינ אונ נאר דערינ וועט זיינ אונדזער האפענונג. נאר דעמלט וועלנ מיר אימשטאנד זיינ אריבערזעצנ זיכ,—אויב מע זאל זיכ אויסדריקנ פיגוראל, פונ איינ פערד אפ א צווייטנ, נעמלעכ, פונעמ פערד דעמ פויערשנ, דעמ מוזשיקישנ, דעמ פארארעמטנ, פונעמ פערד פונ עקאנאמיעס, וואס זיינענ אויסגערעכנט אז א רוינירט פויעריש לאנד,—אפ א פערד, וועלכנ עס זוכט אונ קאנ ניט ניט זוכנ פאר זיכ דער פראלעטאריאט, אפנ פערד פונ דער גרויס־אינדוסטריע, פונ דער מאשינ־אינדוסטריע, פונ עלעקטריפיקאציע, וואלכאוובוי אאוו.“*

מיר האבנ דעמ פולנ גרונט צו דערקלערנ, אז אינ מעשעכ פונעמ פינפיאר, אינ לויפ פונ אט דער גאנצער טקופע בוי־ארבעטנ איז אט די אנווייזונג לענינס געווענ די אנפירנדיקע אנווייזונג אינ דער ארבעט פונ אונדזער פארטיי.

אפנ IV קאנגרעס פונ קאמוניסטישנ אינטערנאציאנאל האט לענינ אונטערגעשטראכנ ווי א קאלאסאלע דערגרייכונג דעמ פאקט, וואס פארנ ערשטנ יאר פרידלעכער ווירטשאפטלעכער בויונג האט זיכ דער ראטנמאכט איינגעגעבנ אנצוזאמלענ 20 מיליאנ גאלד־רובל פאר דער אנטוויקלונג פונ דער שווערער אינדוסטריע.

איצט, אינ רעזולטאט פונ אויספילנ דעמ פינפיאר אינ פיר יאר, פארמאגנ מיר אינ אונדזער גרויס־אינדוסטריע 23 מיליארד רובל קאפיטאל־אינוועסטיציעס (אנשטאט 18 מיליארד רובל לויטנ פינפיאר־פלאנ). די דאזיקע קאפיטאל־אינוועסטיציעס האבנ אצינד באקומענ זייער אויסדרוק אינ דער בויונג פונ א גאנצער ריי גרעסטע אונטערנעמונגענ, ווי מאגניטאגארסק, קוזניעצק־בוי, די דניעפרישע

* לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 417.

הידראָעלעקטרישע סטאנציע, און אינ שאפנ א גאנצע ריי נײַסטע אינדוסטריע־צווײַגנ, וואָס וועגנ זיי האָט כ׳ סטאלינ גערעדט אפנ לעצטנ פאראייניקטנ פלענום פונ צק און צקק אלקפ(ב). אהער געהערנ: די אווטאָ־טראקטערשע אינדוסטריע, די אוויִאציע-אינדוסטריע, די כימישע אינדוסטריע, די אינדוסטריע פונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, די עלעקטראָטעכנישע אינדוסטריע, די ווערקשטעל-בויונג, א גאנצע ריי נײַע פּראָדוקציעס, וואָס עקזיסטירנ בא הײַנטיקנ טאָג אינ ראטנפארבאנד.

עס איז גענוג אָנצווײַזנ אפ דעם פאקט, אז אונדזער מאשינבוי־אינדוסטריע שטײַגט אינ 10 מאָל אריבער לויט איר פארנעם די פארמילכאָמעדיקע פּראָדוקציע, קעדיי צו פארשטיינ דעם קער, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע.

לענינ פלעגט זאָגנ און אָנווײַזנ אונדזער פארטיי, אז מע מוז עלעקטריפיצירנ אונדזער אינדוסטריע און אונדזער פאָלקווירטשאפט; לענינ פלעגט זאָגנ, אז ראטנמאכט פּליוס עלעקטריפיקאציע — אָט דאָס איז טאקע קאָמוניזם; לענינ פלעגט זאָגנ, אז —

„אויב עלעקטריפיקאציע אינ 10—20 יאָר ארום, איז קיינ קאפּ ניט שרעקלעכ דער אינדיווידואליזם פונעם קליינעם ערדארבעטער און דער פרײַער האנדל זײַנער אינעם אָרטיקנ אומזאצ. אויב ניט עלעקטריפיקאציע, איז אלצייינס אומפארמײַדלעכ דער צוריקער צום קאפּיטאליזם“. *

ווי איר זעט, פלעגט ער זייער שארפ שטעלנ די דאָזיקע פראגע, פארבינדנדיק די פראגע פונ עלעקטריפיקאציע מיט דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פונ אונדזער שווערער אינדוסטריע.

וויִאזוי האָבנ מיר אויסגעפילט אָט דעם פּלאנ? לויטנ גאָעלראָ־פּלאנ, דעם ערשטנ פּלאנ, וואָס איז באגיטיקט געוואָרנ פונ לענינענ, זײַנענ אָנגעמערקט געווענ צום בויענ 30 עלעקטרישע סטאנציעס מיט א מעכטיקײַט פונ 1.750 טויזנט קווט. דעריבײַ האָט מענ גערעכנט, אז די ארבעט וועלנ מיר אויספילנ אינ משעכ פונ 10—15 יאָר. בא הײַנטיקנ טאָג ארבעטנ בא אונדז 44 ראיאָנע עלעקטראָ־סטאנציעס מיט א מעכטיקײַט פונ 2.500 קווט. בא אונדז זײַנענ פאר דער צײַט פונעם פינפיאָר אנטשטאנענ 10 נײַע גרעסטע עלעקטראָסטאנציעס מיט א מעכטיקײַט העכער 100 טויזנט קווט, און די אויס־

* לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 313.

ארבעטונג פונ עלעקטראָענערגיע אינ 1932 יאָר שטײַגט אינ 7 מאָל אריבער די אויסארבעטונג אינעמ יאָר 1913.

אָט וואָס עס איז אופגעטאָנ געוואָרנ אפ דעמ געביט, וועלכנ לענינ האָט געהאלטנ פאר אײנעמ פונ די וויכטיקסטע געביטנ פונ אונדזער ווירטשאפטלעכער בויונג.

לענינ פלעגט זאָגנ, אז מיר מוזנ פעסטיקנ דעמ צוזאמענשלוס מיטנ פויערטומ. אפנ IX ראטנ-צוזאמענפאָר האָט ער געזאָגט:

„דער טאָכ פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק איז דער בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ, דער טאָכ איז אינעמ צוזאמענשלוס פונעמ אוואנגארד פונ פראָלעטאריאט מיטנ ברייטנ פויערשנ פעלד." *

אונדזער פארטיי האָט שטענדיק אומדערמידלעכ געזאָרגט צו פארפעסטיקנ דעמ דאָזיקנ צוזאמענשלוס. צומ אָנהייב פונעמ פינפיאָר האָט דער דאָזיקער צוזאמענשלוס שוינ באקומענ א נײַעמ כאראקטער: ער האָט זיכ שוינ ניט באגרענעצט מיט יענעמ צוזאמענשלוס אפנ געביט פונ סכוירעס־אומזאצ, וואָס פלעגט זיכ אנטוויקלענ אינעמ ערשטנ פעריאָד פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק; אדאנק די אָנשטרענגונגענ פונ דער פארטיי, אפנ גרונט פונ די דערפאָלגנ אפנ געביט פונ דער ווירטשאפטלעכער בויונג, איז געשאפנ געוואָרנ א מעגלעכקײַט אריבערצוגיינ צו א נײַעמ מינ צוזאמענשלוס — צומ פראָדוצירישנ צוזאמענשלוס מיטנ פויערטומ. אונ פאר די יאָרנ האָבנ אונדזער פארטיי אונ די ראטנמאכט באדײַטנדיק פארפעסטיקט די לאנדווירטשאפט, פארזאָרגנדיק זי מיט טראקטערס, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, אָרגאניזירנדיק מאשינ־טראקטערשע סטאנציעס.

אינ משעכ פונעמ ערשטנ פינפיאָר האָט די ראטנ-מעלוכע געגעבנ דער לאנדווירטשאפט העכער 120 טויזנט נײַע טראקטערס מיט א מעכטיקײַט פונ 1900 טויזנט פערדקראפט, אָרגאניזירט 2446 מאשינ־טראקטערשע סטאנציעס. צומ אָנהייב ערשטנ פינפיאָר האָט דער גאנצער ווערט פונ די מאשינעס אונ געצײַג אינ אונדזער לאנדווירטשאפט באטראָפנ 1150 מיליאָנ רובל, אונ פאר די פיר יאָר פונעמ פינפיאָר האָט די לאנדווירטשאפט באקומענ מאשינעס אונ געצײַג אפ א ווערט פונ 1600 מיליאָנ רובל.

לענינ האָט באמ אויסארבעטנ דעמ פלאנ פונ דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק אונטערגעשטראָכנ, אז מיר קאָנענ ניט אינ משעכ

* לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 135.

פֿון א לאנגער צײַט זיך באַזירן אפֿ דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאפֿט, אז עס איז נייטיק אן אריבערגאנג צו גרויסע ערד־ארבעט. ער פֿלעגט זאָגן, אז —

„אויב די פּויערשע ווירטשאפֿט קאָן זיך אנטוויקלען ווײַטער, מוז מען פֿעסט זיכערן אויך דעם ווײַטערדיקן אריבערגאנג, און דער ווײַטערדיקער אריבערגאנג באשטייט אומפֿארמײַדלעך אין דעם, אז די אמווייניקסטן לוינבארע און אמערסטן אָפּגעשטאנענע, דריבנע, אָפּגעזונדערטע, פּויערשע ווירטשאפֿט זאָל, ביסלעכווײַז זיך פֿארייניקנדיק, אָרגאניזירן א געזעלשאפֿטלעכע גרויסע ערדארבעטערשע ווירט־שאפֿט. אזוי האָבן זיך די סאָציאַליסטן דאָס אלץ שטענדיק פֿאָרגעשטעלט. טאקע אזוי האַלט אויך אונדזער קאָמוניסטישע פּארטיי“. *

און אָט, אין רעזולטאט פֿון דער פּאָליטיק, וואָס עס האָבן געפֿירט די פּארטיי און די ראטנמאכט, דער פּאָליטיק פֿון פֿאר־שטארקן דעם צוזאמענשלוס מיטן פּויערטום, פֿון קאמפּ קעגן באַלע־גוף, פֿון אנטוויקלען די קאָאָפּעראציע, פֿון אָרגאניזירן גרויסע ווירטשאפֿטן — ראטווירטן און קאָלווירטן, האָט זיך דאָס קליינע און מיטעלע פּויערטום איבערצײַגט דערין, אז אָט דער אריבערגאנג צו א געזעלשאפֿטלעכער גרויסער ווירטשאפֿט איז דער איינציקער וועג צו מאכן א סאָף צו דער אָרעמקײַט און אָפּגעשטאנענקײַט, צו דער באַלעגופֿישער פֿארשקלאפֿונג. דאָס פּויערטום האָט זיך געשטעלט אפֿן וועג פֿון קאָלעקטיוויזאציע, און בא הײַנטיקן טאָג נעמען שוין די קאָלווירטן ארום העכער 60 פּראָצענט פּויערשע ווירטשאפֿטן און בא 75 פּראָצענט באארבעטע שעטעכן. עס זײַנען איצט פֿאראן בא אונדז אין לאנד העכער 200 טויזנט קאָלווירטן און בא 5 טויזנט ראטווירטן. מע דארף באזונדערס אונטערשטרײַכן, כאָוויירים, אז אָט דער אריבערגאנג צו גרויסער געזעלשאפֿטלעכער ערדארבעט, צו דער אָרגאניזירונג פֿון קאָלווירטן און ראטווירטן איז באגלייט געוועזן צוגלײַך מיט א באדײַטנדיקער פֿארברייטערונג פֿון פֿארזיי־שעטעך — אפֿ 21 מיליאָן הא.

לענין פֿלעגט ריידן וועגן דעם, אז מע מוז פֿעסטיקן די שוצ־פֿייִקײַט פֿון אונדזער לאנד, אז מע מוז פֿארפֿעסטיקן אונדזער רויטע ארמיי, אז מיר טאָרן ניט פֿארגעסן, אז מיר זײַנען ארומגערינגלט מיט קאפּיטאליסטישע סאָנים, וואָס זײַנען יעדן טאָג גרייט אָנצופֿאלן אפֿ אונדז. און אין מעשעך פֿון דעם פֿינפֿיאָר איז איינע פֿון די

* לענין, ווערק, ב. XXVI ז. 299.

וויכטיקסטע זאָרגנ פונ אונדזער פּארטיי געווענ צו פארפעסטיקנ די שוצפייִקײַט פונ אונדזער ראַטנפארבאנד, הייבנ די שוצפייִקײַט פונ דער רויטער ארמיי. איצט קאָנענ מיר מיט פולנ גרונט דערקלערנ, אז אונדזער לאנד איז פונ א לאנד, וואָס איז אינ דער הינזיכט געווענ אָפּגעשטאנענ, אינ רעזולטאט פונ אויספילנ דעם פינפיאָר, פארוואנדלט געוואָרנ אינ א מעכטיק לאנד, — ניט בלויז א מעכטיק אונ קרעפטיקס לויטנ צושטאנד פונ זײַנ אינדוסטריע, נאָר א מעכטיק אונ קרעפטיקס לויט זײַנ שוצפייִקײַט, — א לאנד, וואָס איז גרייט צו אלערליי צופעליקײַטנ, וואָס איז גרייט אָפּצושלאָגנ יעטווידער אָנגריפ פונעמ סוינע.

צולעצט, אויספילנדיק דעמ פינפיאָר-פלאנ, האָט דער ראַטנפארבאנד דערגרייכט גרויסע דערפאָלגנ אויכ אינעמ פארווירקלעכנ לענינס לאָזונג — „דעריאָגנ אונ אריבעריאָגנ אינ טעכניש-עקאָנאָמישער הינזיכט די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער“ — דערמיט, וואָס ער איז אינ א ריי וויכטיקסטע צווײַגנ — קוילנ, טשוהונ, נאפט, מאשינ-בויונג — ארויס צווישנ די סאמע פאָרגעשריטענע אינדוסטריעלע לענדער, אונ פארנומענ אינ אייניקע צווײַגנ, ווי די פּראָדוקציע פונ טראקטערס אונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, דאָס ערשטע אָרט אינ דער וועלט.

אָט דאָס זײַנענ, כאווײרימ, אינ קורצע שטריכנ די גרונט-מאָמענטנ פונ דעמ, וויאַזוי אונדזער פּארטיי האָט אויסגעפילט לענינס אָנווײַזונגענ אינ מעשעכ פונעמ פינפיאָר.

קעדיי זיכ בוילעטער פאָרצושטעלנ דעמ גאנצנ ריזיקנ וועג, וואָס אונדזער פּארטיי איז דורכגעגאנגענ פונ דעמ מאָמענט אָנ זינט מיר זײַנענ אריבער צו פרידלעכער בויונג, איז גענוג צו ווענדנ די אויפמערקזאמקײַט אפ פאָלגנדיקע כאראקטעריסטישע אָנגאבנ. אינ זײַנ פאָרטראָג אפנ IX ראַטנ-צוזאמענפאָר אינעמ פעריאָד פונ די ערשטע שריט פינעמ אריבערגייִנ צו פרידלעכער בויונג האָט לענינ געבראַכט אזוינע אָנגאבנ וועגנ דער דעמלטיקער לאגע פונ אונדזער אינדוסטריע: ער האָט געזאָגט, אז אינ דער ערשטער העלפט 1921 יאָר איז יערנ כוידעש אויסגעשמאָלצנ געוואָרנ 70 טויזנט פוד טשוהונ, אז דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ א בעסערונג: „אינ אָקטיאבער — 130 טויזנט, אינ נאָיאבער — 270 טויזנט“. אונ וויפל גיט איצט אונדזער שווערע אינדוסטריע? איצט וואקלט זיכ די

אויסשמעלצונג ארומ א הייכ פונ 17 טויזנט טאָנ א טאָג, דה. 1020 טויזנט פוד טשוהונ טעגלעכ.

130 טויזנט פוד פארנ כוידעש אָקטיאבער 1921, ווענ עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די ערשטע שריט פונ אונדזער ווירטשאפטלעכער בויונג, אונ 1020 טויזנט פוד טעגלעכ, וואָס די סאָוועטישע שווערע אינדוסטריע גיט איצט, — אזא איז די דיסטאנצ, וואָס טיילט אונדז אָפ פונ יענע יאָרנ.

לענינ האָט געבראכט די ציפער פונ טאָרפ-ארויסבאקומ פארנ 1921 יאָר. ער האָט געזאָגט, אז מיט טאָרפ האלט עס באזונדערס גוט, אז אינ 1921 יאָר האָט מענ ארויסבאקומענ 290 מיליאָנ פוד טאָרפ. אונ ווי גרויס איז אצינד בא אונדז דער ארויסבאקומ פונ טאָרפ? דער טאָרפ-ארויסבאקומ האָט אינ 1932 יאָר — אינעמ לעצטנ יאָר פונ פינפיאָר — באטראָפנ 830 מיליאָנ פוד.

אינ 1920 21 יאָר האָט די גאנצע פראָדוקציע פונ דאָנבאס פארנ יאָר ארויסגעמאכט 272 מיליאָנ פוד קוילנ, אונ אינ 1932 יאָר גיט דער זעלבער דאָנבאס, אָבער רעקאָנסטרויִרט אינ מעשעכ פונעמ פינפיאָר, באדייטנדיק באנייט אונ עלעקטריפיצירט, אפנ גרונט פונ לענינס אָנווייזונגענ, אָנשטאָט 272 מיליאָנ פוד, 2744 מיליאָנ פוד.

לענינ האָט דעמאלט געזאָגט, אז מיר מוזנ אראָפנעמענ 300-400 מיליאָנ פוד ברויט א יאָר. אצינד נעמט די ראטנמאכט אראָפ א יאָר 1200-1400 מיליאָנ פוד ברויט.

אָט איז, כאווײרימ, די דיסטאנצ, וואָס טיילט אונדז אָפ פונ יענע יאָרנ אונ וואָס ווייזט, צו וואָסערע אומגעהייערע דערפאָלגנ עס האָבנ זיכ דערשלאָגנ די ארבעטנדיקע פונ ראטנפארבאנד אינ גאנג פונעמ פינפיאָר, אויספילנדיק לענינס אָנווייזונגענ.

זעלבסטפארשטענדלעכ, איז דאָס ניט אדורכ אָנ קאמפ אונ אָנ שוועריקייטנ. מע האָט זיכ געפרווט אונדז שלעפנ אָפ צוריק, געפרווט זיכ רעווידירנ די לענינשע ליניע פונ דער סאָציאליסטישער בויונג; אָבער די פארטיי איז פעסט געשטאנענ אָפ איר פאָסטנ, האָט זיכ פעסט געהאלטנ בא די לענינשע אָנווייזונגענ אונ האָט דערפירט די ארבעטנדיקע צומ זיג, צומ פארענדיקנ די ערשטע ריי גרויסע ארבעטנ, פארוואנדלענדיק אונדזער לאנד פונ אנ אגרארס אינ אנ אינדוסטריעל לאנד, פונ א לאנד פונ

דריבנער ערדארבעט אינ א לאנד פונ גרויסער סאָ־ציאַליסטישער ערדארבעט, פונ א לאנד אנ אָנמעכ־טיקס אינ א מעכטיק לאנד, וואָס איז אומאָפּהענגיק פונ יענע קאַפּיטאַליסטישע רויבער, וועלכע רינגלענ אונדז ארומ פונ אלע זײַטנ.

אונ, כאָוויירימ, אינ אָט דער גרויסער ארבעט פונ פארענדיקנ דעמ פינפיאָר, וואָס ווערט הײַנט געפײַערט פונ די ארבעטנדיקע אינ ראטנפארבאנד, מוזנ מיר באַטאָנענ די ראָליע, וואָס עס האָט דערינ געשפּילט דער כ׳ סטאלינ (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

כ׳ סטאלינ האָט פונ די ערשטע טריט אָנ פונעמ אויסארבעטנ דעמ לענינשנ פּלאנ צוזאַמענ מיט לענינענ, האנט בא האנט מיט אימ געארבעט איבער דעמ, אז דער פּלאנ זאָל פארווירקלעכט ווערנ.

עס איז קעדײַ צו דערמאָנענ דעמ בריוו, וואָס כ׳ סטאלינ האָט אינ 1921 יאָר געשריבנ לענינענ מיקויעכ אָט דעמ ערשטנ פּלאנ — דעמ פּלאנ פונ עלעקטריפיקאציע, פונ גאָעלראָ.

אָט וואָס כ׳ סטאלינ האָט געשריבנ:

„אנ אויסגעצייכנטער גוט צונויפגעשטעלטער בוכ. א מײַסטערהאפטע סקיצע פונ א בעעמעס אײַנהײַטלעכנ אונ בעעמעס מעלוכישנ ווירטשאפט־לעכנ פּלאנ אָנ גענדזנפיסלעכ. דער איינציקער אינ אונדזער צײַט מארק־סיסטישער פרווו ארונטערצופירנ אונטער דעמ סאָוועטישנ איבערגעבוי פונעמ ווירטשאפטלעכ אָפּגעשטאנענעמ רוסלאנד די איינציק רעאלע אונ איינציק מעג־לעכע בא הײַנטיקע באדינגונגענ טעכנישע פּראָדוציר־באזע. איר געדענקט דעמ פאראיאָריקנ „פּלאנ” טראָצקיס (זײַנע טעזיסנ) פונ רוסלאנדס „ווירטשאפטלעכער אופלעבונג” אפנ יעסאָד פונ מאסנהאפטיקנ אָנווענדנ צו די ברוכשטיקער פונ דער פארמילכאָמעדיקער אינדוסטריע די ארבעט פונ דער ניט־קוואליפיצירטער פויעריש־ארבעטערשער מאסע פונ דער «ארבעט־ארמיי». וואָסער דאלעס, וואָסער אָפּגעשטאנענקײַט אינ פארגלײַכ מיטנ פּלאנ פונ גאָעלראָ! א מיטלאל־טערלעכער קוסטאר, וואָס האָט זיכ אײַנגערעדט, אז ער איז איבסענס א העלד, וואָס איז בארופנ צו „ראטעווענ” רוסלאנד מיט דער הילפ פונ א פארצײַטיקער כאגע... אונ וואָס זײַנענ ווערט די צענדליקער „איינהײַטלעכע פּלענער”, וואָס באווײַזנ זיכ אזוי אָפט אינ אונדזער פרעסע צו אונדזער ביזויענ, קינדערשע פלוידערײַ פונ פאָרשול־קינדער... אָדער נאָכ: דער באלעבעסלדיקער „רעא־ליזמ” (אינדערעמעסנ מאנילאָווששינע) ריקאָווס, וואָס „קריטיקירט” נאָכ אלצ דעמ גאָעלראָ אונ וואָס שטעקט ביז איבער די אויערנ אינ רוטינע...” *

* זע דעמ זאמלבוכ „סטאלינ”, מעלוכע־פארלאג, 1929, ז. 43־44. זע אויכ לענינ, איבער עלעקטריפיקאציע, אויסגאבע פונעמ מארקס — ענגעלס — לענינ־אינסטיטוט, 1932, בײַלאגע, ז. 66.

ווי מיר זעענ, האָט די לעצטע באמערקונג געטראָפנ אינ ציל ניט בלויז בענעגייע דעמ יאָר 1921, נאָר אויכ בענעגייע די יאָרנ 1928־1930.

דעמ דאָזיקנ בריוו זײַנעמ פארענדיקט כ' סטאלינ מיט אנ אָנווײַזונג, אז מע מוז זיכ טייקעפ נעמענ צו דער ארבעט אונ ווענדנ די קויכעס אונ מיטלענ פונ אונדזער מעלוכע אפ טייקעפ צוטרעטנ צומ פארווירקלעכנ דעמ פלאנ פונ גאָעלראָ.

אָט די פראגע פונעמ ווירטשאפטלעכנ פלאנ האָט כ' סטאלינ ניט אופגעהערט אויכ ווײַטער פאנאנדערצוארבעטנ. אונטער זײַנ אָנפירונג האָט אונדזער פארטיי אויסגעארבעט דעמ פינפיאָר-פּלאנ, אונטער זײַנ אָנפירונג האָט זי אָט דעמ פינפיאָר־פּלאנ פארטיידיקט קעגנ אלע אָנגריפנ פונעמ סוינע אינווייניק אינ דער פארטיי, אונטער זײַנ אָנפירונג איז אונדזער פארטיי געקומענ צומ זיג פונ פארענדיקנ דעמ דאָזיקנ פינפיאָריקנ פלאנ (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ).

מיר, כאווײרימ, פילנ אונ פארצייכענענ די העלדנ פונעמ פינפיאָר. הײַנט דארפנ מיר פארצייכענענ דעמ ערשטנ פונ אָט די העלדנ—דעמ כ' סטאלינ, וואָס איז דער אָנפירער אונ באגײַסטערער פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ (שטורמישע לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, די אָנוועזנדיקע שטייענ אופ אונ מאכנ אנ אָוואציע דעמ כ' סטאלינ).

## II. וועגנ די גרונט־באדינגונגענ פארנ אויספילנ דעמ פינפיאָר

ווענ ס'איז אנטשטאנענ דער פינפיאָר־פּלאנ, האָבנ ניט בלויז אונדזערע סאָנימ, נאָר אפילע אייניקע צווישנ אונדזערע „פרײַנט" ניט געגלייבט אינ זײַנע דערפאָלגנ. אונדזערע סאָנימ זײַנענ אפ אזויפיל איבערצײַגט געווענ אינ זײַנ דורכפאל, אז באמ אָנהייב פונעמ אויסארבעטנ דעמ פינפיאָר־פּלאנ פלעגנ זיי צומאָל ארויסגעבנ אזוינע ווערקסלענ, וואָס איצט זײַנענ זיי באשײַמפערלעכ ניט בעקויעכ זיי צו באצאָלנ. אייניקע האָבנ, צומ בײַשפּיל, געזאָגט:

„אויב דער פינפיאָר־פּלאנ וועט אויסגעפילט ווערנ אפילע ניט אינגאנצנ,

נאָר ער וועט אויסגעפילט ווערנ בלויז אפ צוויי דריטל, זײַנענ מיר גרייט צו

אנערקענען דעמ דערפאָלג פונעמ קאָמוניסטישנ עקספערימענט, זײַנען מיר גרייט צו אנערקענען, אז דער קאָמוניזמ פארמאָגט א פאָרצוג אינ פארגלײַכ מיט דער קאפיטאליסטישער סיסטעמ".

צו דער צאָל אזוינע מינע סקעפטיקער בענעגייע דעמ פינפיאָר האָבנ געהערט א ריי עקאָנאָמיסטנ, א ריי פאָליטישע טוער. צווישנ זיי איז, אגעוו, געווענ אויכ לויד-דזשאָרדזש, וואָס האָט אינ אנ אר־טיקל אינ דער „נייער פרײַער פרעסע" אינ 1930 יאָר געשריבנ, אַז —

„אויב אָז דער עקספערימענט וועט זיכ אײַנגעבנ, באטײַט עס, אז דער קאָמוניזמ איז אינדערעמעסנ אר״נ אינ לעבנ, ארײַנ אינ דער געשיכטע, אונ מיר מוזנ זיכ מיט אימ ערנסט רעכענענ".

איצט, נאָכ דעמ, ווי דער פינפיאָר איז אויסגעפילט, ניט אפ צוויי דריטל, נאָר אינגאנצנ, נאָכ דעמ, ווי ער איז אויסגעפילט ניט אינ פינפ יאָר, נאָר אינ פיר יאָר, וואָלט מענ געקאָנט דערלאנגענ די דאָזיקע ווערסלענ צומ דיסקאָנט. איכ רעכנ אָבער, אז לויד-דזשאָרדזש שטעקט אזוי טיפ אינ בורזשואזקײַט, אז עס וואָלט זינלאָז געווענ צו דערווארטנ, ער זאָל ווירקלעכ, אינ רעזולטאט פונ די דערפאָלגנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג, ווערנ אנ אָנהענגער פונ דער סאָ־וועטישער סיסטעמ.

דעמ דאָזיקנ סקעפטיציזמ לויד־דזשאָרדזשס האָבנ פולשטענדיק גע־טיילט אונ טיילנ מיט אימ אויכ די סאָציאַל-דעמאָקראטנ, וואָס איצט, פונקט ווי פריִער, בילנ זיי אונ לײַגנ אפנ ראטנפארבאנד, כאוערנ איבער באמ אָפשאצנ אונדזער רעוואָליוציע די זעלבע שאבלאָנענ, די זעלבע סכעמע, וועלכע ס'האָט אזוי שארפ קריטיקירט לענינ אינ זײַנע נאָטיצנ איבער סוכאנאָווס בוכ. פונקט ווי פריִער, טרײַבנ זיי רעכילעס אפ אונדזער לאנד, טײַנענדיק, אז דער ניוואָ פונ די פראָדוציר־קרעפטנ איז ניט רײַפ פאר א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. אונ דאָס טײַנענ זיי אצינד, ווענ אפילע די גאנצע בורזשואזע פרעסע אנערקענט, אז פססר האָט זיכ פארוואנדלט אינ א פאָרגעשריטענע אינדוסט־ריעלע וועלט־מעלוכע!

אָבער אזוינע מינע אָפשאצונגענ, אזוינע אָנשויונג־סכעמעס לאָזנ זיכ באמערקנ ניט בלויז בא אונדזערע פײַנט, — זיי זײַנענ כאראק־טעריסטיש אויכ פאר פאָרשטייער פונ פארשיידענע אָפנייגנ אינעווייניק אינ אונדזער פארטיי. בא אונדז האָבנ זיכ אויכ אויסגעפונענ אזוינע, ווי וולאדימיר איליטש פלעגט זיי רופנ, „מענטשנ אינ פוטליארנ",

וואָס האָבנ גאָרניט ניט באַנומענ אינ די באַדינגונגענ אונ אינעמ טאָכ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. צי דענ פּלעגנ מיר ניט באַגעגענענ פּונקט אזוינע מינע אָנשויונגענ בא די אָפּאָרטוניסטנ, וועלכע פלעגנ באַמ צוטרעטנ צומ פינפיאָר-פּלאַנ זיכ פאַרופנ אפ אָביעקטיווע באַדינגונגענ, אפ דעמ, אז מיר זײַנענ ניט רײַפּ פאַר אנ אָנגריפ, אז בא אונדז וועט ניט קלעקנ קיינ קויכעס אפ דורכצופירנ דעמ גרויסנ סאָציִאַליסטישנ אָנגריפ לויט דער ליניע פונ דער אינדוסטריע אונ לויט דער ליניע פונ דער לאַנדווירטשאפט, אז ס'וועט ניט קלעקנ קיינ קויכעס אראָפּצודרייענ דעמ קאָפּ דעמ באלעגופּ.

דאָס ניט גלייבנ אינ די קויכעס פונעמ פּראָלעטאריאַט, דאָס ניט באַנעמענ יענע מעגלעכקײַטנ, וועלכע עס שאפט די נאטור פונ דער סאָוועטישער סיסטעמ, דאָס ניט דערשאצנ דעמ העראָיִזמ אונ די אנטשלאָסנקײַט, וועלכע זי דערוועקט בא די ארבעטנדיקע, איז כאראקטעריסטיש סײַ פאַר די אָפּאָרטוניסטנ סײַ פאַר אונדזערע אָפענע סאָנימ. סײַ די סײַ יענע זײַנענ נאָכ ביז הײַנטיקנ טאָג ניט אימשטאנד צו פארשטיינ, פונוואַנענ האָט זיכ עס באַמ פאָלק גענומענ אזא אויסגעהאלטנקײַט, אזא אײַנגעשפּאַרטקײַט, פארוואָס אנטפלעקט דער פּראָלעטאריאַט אזא העראָיִזמ אינ קאמפּ.

אָבער דאָס האָט געוווסט אונ ווייס אונדזער פּארטיי.

נאָכ פאַר דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע פלעגט לענינ, ניט געקוקט אפ יענע ווײניק-גלייביקע אינ די רייענ פונ אונדזער פּארטיי, וואָס פלעגנ איבערכאַזערנ די סאָציִאַל-דעמאָקראטישע אָפּשאצונגענ, פלעגט לענינ איבערצײַגנ אינ דער מעגלעכקײַט פונ א זיגרײַכנ פארענדיקנ די רעוואָליוציע. ער האָט גערעדט וועגנ דעמ, וואָסערע קרעפטנ עס דערוועקט די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אינעמ גאנג פונ איר קאמפּ, וואָסער אופשטײַג זי רופט ארויס.

אינ זײַנ בראָשור „צי וועלנ די באָלשעוויקעס אײַנהאלטנ די מעלוכע-מאכט“ האָט ער געשריבנ:

„ערשט דעמלט וועלנ מיר קאָנענ דערזענ, וואָסערע נאָכ אומבארירטע קויכעס פונ ווידערשטאַנד קעגנ די קאפּיטאליסטנ עס ליגנ באַהאלטנ אינעמ פאָלק, ערשט דעמלט וועט זיכ אנטפּלעקנ דאָס, וואָס ענגעלס רופט אָנ „באַהאלטענער סאָציִאַליזמ“, ערשט דעמלט וועט זיכ אפ יעדנ צענדליק טויזנט אָפענע אָדער זיכ אויסבאַהאלטנדיקע סאָנימ פונ דער מאכט פונעמ ארבעטערקלאַס, וואָס אנטפּלעקנ זיכ דורכ מײַסימ אָדער דורכ פּאסיווער אײַנגעשפּארטקײַט, אופהייבנ צו מיליאָנ נײַע קעמפער, וואָס ביז איצט זײַנענ זיי

פּאָליטיש געשלאָפּנ, געווענ פאַרגליווערט אינ די ליידנ פונ נויט אונ פאַרצווייפ-לונג, געזאָגט פאַרלאָרנ דעמ גלויבנ אינ דעמ, אַז אויכ זיי זײַנענ מענטשנ, אַז אויכ זיי האָבנ רעכט אפ לעבנ, אַז אויכ זיי קאָנ דינענ די גאַנצע מאַכט פונ דער מאָדערנער צענטראַליזירטער מעלוכע, אַז אויכ זיי רופנ די אָטריאַדנ פונ פּראָלעטאַרישער מיליציע ניט פולנ צוטרוי צו אומיטלבאַרנ, נאָענטסטנ טאָגטעגלעכנ אָנטייל אינעמ פאַרוואַלטנ מיט דער מעלוכע". *

"... אונ דאָס געוויסנהאַפטיקע, אַנטשלאָסענע, אומעטומיקע צוטרעטנ צומ איבערגעבנ דעמ פאַרוואַלטונג-איניעג אינ די הענט פונ די פּראָלעטאַריער אונ האַלב-פּראָלעטאַריער וועט געבנ אַזאַ נאָכ אומגעזעענעמ אינ דער געשיכטע רעוואָליוציאָנערנ ענטוזיאַזמ פונ די מאַסנ, וועט אינ אַזויפיל מאָל פאַרגרעסערנ די פאָלקס-קרעפטנ צומ קאַמפ קעגנ די צאָרעס, אַז א סאַכ אַזוינס, וואָס דוכט זיכ אויס אומגלעכ פאַר אונדזערע שמאָלע, אַלטע, ביוראָקראַטישע קויכעס, וועט מעגלעכ ווערנ צו פאַרווירקלעכנ פאַר די קויכעס פונ דער מיליאָניקער מאַסע, וואָס הייבט אָנ אַרבעטנ פאַר זיכ, אונ ניט פאַרנ קאַ-פּיטאַליסט, ניט פאַרנ פּריצישנ זינדל, ניט פאַרנ טשינאָווניק, ניט פונ אונטערנ שטעקנ". **

"ווײַל די ראַטנמאַכט איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמ פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, די דיקטאַטור פונעמ פאָרגע-שריטענעמ קלאַס, וואָס הייבט אופ צו א נײַעמ דעמאָקראַטיזמ, צו א זעלבּ-שטענדיקנ באַטייליקנ זיכ אינעמ פאַרוואַלטנ מיט דער מעלוכע צענדליקער אונ צענדליקער מיליאָנענ אַרבעטנדיקע אונ עקספּלואַטירטע, וואָס אפ זייער אייגע-נער דערפאַרונג לערנענ זיי זיכ זענ אינעמ דיסציפּלינירטנ אונ באַוווּסטזיניקנ אַוואַנגאַרד פונעמ פּראָלעטאַריאַט זייער זיכערסטנ פירער". ***

אָט וויאַזוי לענינ האָט אָפּגעשאַצט די קויכעס, וואָס די פּראָ-לעטאַרישע רעוואָליוציע אונ די סאָוועטישע סיסטעמ וועקט אופ.

אונ דער כאַראַקטעריסטישער שטריכ פונ אונדזער רעוואָליוציע באַשטייט דעריִנ, וואָס אָט דער העראָיזמ, אָט דער ענטוזיאַזמ, ניט נאָר זיי לעשנ זיכ ניט אויס, נאָר מיט יעדנ יאָר פאַקערנ זיי זיכ פאַנאַנדער אַלצ שטאַרקער אונ שטאַרקער, הייבנ אופ אַלצ נײַע אונ נײַע שיכטנ אַרבעטנדיקע צומ קאַמפ פאַרנ סאָציאַליזמ.

דער פּראָלעטאַריאַט אינ אונדזער לאַנד האָט באַוויזנ מוסטערנ פונ העלדישקײַט אונ מעסירעסנעפעש אינ די אַנטשיידנדיקע שלאַכטנ אינ אָקטיאַבער; ער האָט באַוויזנ די גרעסטע גרייטקײַט אפ קאָר-

* לענינ, ווערק, ב. XXI ז. 276.

** לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 267.

*** לענינ, ווערק, ב. XXII, ז. 459.

באָנעס, דעמ גרעסטנ הערויִזמ און אנטשלאָסנקייט אינ זיינע שלאַכטנ קעגנ דער אינערלעכער קאָנטררעוואָליוציע און קעגנ די אינטערווענטנ אינ דער עפּאָכע פונ בירגערקריג; ער האָט באַוויזנ מיט דער גאַנצער קראַפט און ענערגיע זיכ נעמענ אופשטעלנ די פאָלקווירטשאַפט אינ א לאַנד „שיר אפ טויט א צעשלאָגנס“ אינ רעזולטאַט פונ דער אינטערווענצ, און ער האָט זיכ מיט פלאַמיקנ ענטוזיאַזמ גענומענ אויספילנ דעמ פינפיאָריקנ פלאַנ פונ סאָציאַליסטישער בויונג.

עס איז קלאָר, אז אָנ אָט דעמ הערויִזמ, אָנ דער מאַסנ־באַוועגונג פונ די ארבעטנדיקע, אָנ דער אָרגאַניזירונג פונ שלאָג־בריגאַדעס, אָנ דער גרייטקייט פונ די ארבעטנדיקע צו מעסירעסנעפּעשדיקנ קאַמפ אפ אלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג וואָלט דער פינפיאָר געווענ אומדענקבאַר. דעמ פינפיאָר האָט זיכ איינגעגעבנ אויסצופילנ דערפאַר, ווייל די פארטיי האָט אופגעהויבנ, האָט אָרגאַניזירט די ברייטע שיכטנ ארבעטנדיקע, האָט זיי אריינגעצויגנ אינ קאַמפ פארנ פינפיאָר.

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער וויכטיקסטער שטריכ פונ אונדזער רעוואָליוציע איז דאָס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיכ ניט בלויז אליינ אָנגעצונדנ מיט ענטוזיאַזמ און גרייטקייט צומ קאַמפ, נאָר וואָס ער האָט באַוויזנ אָנצוצינדנ מיט ענטוזיאַזמ אויכ זיינ פארבינדעטנ — דעמ האָרעפּאַשנעמ פויער.

אונדזער פּארטיי האָט קיינמאָל ניט אידעאַליזירט דאָס פויערטומ, זי האָט קיינמאָל ניט געקוקט אפנ פויער, ווי אפ א פּארטיקנ סאָציאַליסט, פארקערט, לענינ האָט געשריבנ, אז דאָס פויערטומ איז דער לעצטער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס. אָבער צוזאַמענ דערמיט פלעגט ער באַטאָנענ, אז דער פויער איז א האָרעפּאַשניק, אז ער ליידט אויכ פונ קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, פונ באַלעגופּישער פארשקלאַפונג. און אז מאַכמעס דעמ איז ער דעמ ארבעטערס א פארבינדעטער. און דער ארבעטער־קלאַס האָט אינ מעשעכ פונ אָט די יאָרנ פונ פרידלעכער בויונג באַוויזנ צוצופירנ אָט דעמ פארבינדעטנ זיינעמ צו קאָלעקטיוויזאַציע, צומ אריבערפירנ די לאַנדווירטשאַפט אפ א העכערער שטופע, אפ דער שטופע פונ א גרויסער געזעלשאַפטלעכער סאָציאַליסטישער ערדאַרבעט. און אויב מיר וועלנ זיכ דער־

מאָנענ דאָס יאָר פונ גרויסנ איבערבראָכ, ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די מאסנ-באוועגונג פאר קאָלעקטיוויזאציע, דארפנ מיר זאָגנ, אז דער ענטוזיאזמ, וועלכנ עס האָט ארויסגעוויזנ דאָס האָרעפּאשנע פויערטומ — די אָרעמשאפט אונ די מיטלפויערימ — באמ אָרגאניזירנ די קאָלווירטנ, אינעמ אָנגריפ אפנ באלעגופ אונ באמ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ ווי א קלאס, האָט אריבערגעשטיגנ אונדזערע דערווארטונגענ. דאָס איז געווענ אנ אויסשליסלעכע מאסנ-באוועגונג, וואָס אונדזער פארטיי אונ דער פּראָלעטאריאט האָבנ צוגעגרייט מיט זייער גאנצער פּאָליטיק אונ וואָס האָט באוויזנ, וואָס פאר א קויכעס, וואָס פאר אנ אנטשלאָסנקייט, וואָס פאר אנ ענטוזיאזמ דער ארבעטער-קלאס איז אימשטאנד צו דערוועקנ ניט בלויז אינ זיינע אייגענע רייענ, נאָר אויכ אינ די רייענ פונ זיינ פארבינדעטנ — דעמ האָרעפּאשנעמ פויערטומ.

מיט וואָס-זשע דערקלערט זיכ דער פאקט, וואָס אלצ נייע אונ נייע שיכטנ צינדנ זיכ אָנ מיטנ ענטוזיאזמ פונ קאמפ אונ בויונג? דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס צומ אונטערשייד פונ די פריערדיקע רעוואָליוציעס גייט אינ אונדזער רעוואָליוציע אונ אינ אונדזער בויונג אינ אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע דער פּראָלעטאריאט, וואָס איז דיסציפּלינירט, פארהארטעוועט אינ קאמפ, דער פּראָלעטאריאט, וואָס ווערט אָנגעפירט פונ דער לענינשער פארטיי, פונ דער פארטיי, וועלכע איז בעקויעכ ארויסצורוקנ קאָנקרעטע לאָזונגענ, וועלכע ווייס, וווהינ צו ריכטנ די קרעפטנ, וועלכע קענ ארויסרוקנ נייע קאדרענ, וועלכע אָרגאניזירט די ארבעטנדיקע מאסנ אונ קענ אפ יעדער שטופע פונ דער באוועגונג געפינענ די קאָנקרעטע ליניעס פאר דער ריכטונג אונ אָנווענדונג פונ די פּראָלעטארישע קרעפטנ.

אונדזערע סאָנימ שטויננ, פונוואנענ נעמט זיכ אזא אויסגעהאלטנקייט בא א פאָלק, וואָס איז אמאָל בא אלערליי פריצימ אונ זייערע מיטהעלפער געווענ א סינאָנימ פונ פוילקייט, אָפּגעשטאנענקייט אונ אומבאוועגלעכקייט, פונוואנענ נעמט זיכ קראפט בא אָט דעמ פאָלק, פונוואנענ אזא ענערגיע, אזא העראָיזמ, וואָס פלאקערט אזוי העל אינ מעשעכ פונ 16 יאָר רעוואָליוציע? דער דאָזיקער העראָיזמ איז דער העראָיזמ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, מיט

װעלכער ס'פירט אָנ אונדזער לעניִנשע פּאַרטײ, װאָס הײבט אופ צום קאַמפּ אַלצ גרעסערע אונ גרעסערע מאַסנ אונטערדריקטע פונעם קאַ-פּיטאַל, אַלצ נײַע אונ נײַע שיכטנ אַרבעטנדיקע. אָט װי עס שטעקט דער סאָד פונ דער רעטעניש אונ אָט מיט װאָס עס קומט איצט אויס צו האָבנ צו טאָנ די הערנ קאַפּיטאַליסטנ.

איצט, אַפנ שװעל פונעם נײַעם פינפיאָר, שטײענ פאַר אונדז נײַע אופגאַבנ. מיר מוזנ באַהערשנ די ריזיקע אונטערנעמונגענ, װאָס זײַנענ אַנטשטאַנענ פאַר די לעצטע יאָרנ אונ װאָס זײַנענ װוּנ־דער פונ דער מאָ־דערנער טעכניק. מע מוז באַהערשנ די סאַמע קאָמ־פּליצירטע אונ פײַנע פּראָדוקציעס, װײַל דערפונ הענגט אָפּ דער פּראָדוקטיװער רעזולטאַט, װאָס זײ װעלנ געבנ. דעריבער גיט איצט די פּאַרטײ דעם לאָזונג: „דעם פּאַטאָס פונ בויונג דערגאַנצנ מיטנ פּאַטאָס פונ באַהערשנ די נײַע אונ־טערנעמונגענ".

## III. דאָס לעניִנשע אונ דאָס אָפּאָרטוניסטישע באַנעמענ דעם פּלאַנ

אונדזער פּאַרטײ איז אַריבער צו פרידלעכער בויונג אינעם יאָר 1921 אינ אַנ אויסערסט שװערער סיטואַציע: דאָס לאַנד איז געװענ אויס-געמאַטערט פונ דער מילכאָמע, פונ דער אינטערװענצ, די אינדוסטריע איז געװענ אָפּגעשלײַדערט װײַט אָפּ צוריק, די פּויערשע װירט־שאַפט איז געװענ רויִנירט. לענינ האָט דעמאָלט פאַנאַנדערגעאַרבעט דעם אַריבערגאַנג צו דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. ער האָט געשטעלט די פראַגע: פונ װאָס דאַרפ מענ אָנהײבנ? ער האָט גע־זאָגט, אַז מע דאַרפ אָנהײבנ פונ דער פּויערשער װירטשאַפט, װײַל אַזױאַרום װעלנ מיר אימשטאַנד זײַנ צו באַזאָרגנ די גרויסע שטעט, אונדזערע פאַבריקנ אונ זאַװאָדנ מיט ברויט אונ רויװאַרג, צו זיכערנ דעם װײַטערדיקנ גאַנג פונ דער אינדוסטריע. ער האָט גערעדט װעגנ דערנער־שטײַער, װעגנ צוזאַמענשלוס מיטנ פּויערטום, װעגנ דער נויטװענדיקײט פונ האַנדל-אומזאַצ, װעגנ דעמ, אַז מע זאָל אָנזאַמלענ מיטלענ אָפּ פאַנאַנדערװיקלענ אונ בויענ אונדזער גרויס־אינדוסטריע.

אונ לענינ האָט דעמאָלט ביז גאָר שאַרפ אונ גראָדליניק גע־

שטעלט די פראגע וועגן דעם, וועלכע געפארן עס שטייען פאר אונדז, וואָס עס דראָעט אונדז. ער האָט באטאָנט, אז בא אונדז פרעוואלירט די דריבנע פויערשעווירטשאפט, ער האָט גערעדט וועגן דעם, אז קאָלזמאנ עס פרעוואלירט די דריבנע פויערשע ווירטשאפט, איז פארן קאפּיטאליזם פאראנ א פעסטערע באזע, איידער פארן סאָציאליזם. ער האָט געזאָגט, אז די דריבנע פויערשע ווירטשאפט אינ די באדינגונגענ פונ פרייענ אומזאצ געבוירט אומפארמיידלעכ קאפּיטאליזם, און אז אונדז שטייט נאָכ פאָר די לעצטע אנטשיידענע שלאכט מיט אָט דעם אינערלעכנ קאפּיטאליזם. אינ זיינ באוווסטער בראָשור „וועגנ דערנער־שטייער“ האָט ער איבערגעכאזערט די זעלבע אָנווייזונגענ, וואָס ער האָט געמאכט נאָכ אינ 1918 יאָר, ווענ פאר אונדז איז צום ערשטנ מאָל געשטאנענ די מעגלעכקייט אריבערצוגיינ צו פרידלעכער ווירטשאפטלעכער בויונג. און ער האָט געזאָגט אונדזער פארטיי, אז דער הויפּט־סוינע איצט איז די קליינבירגערלעכע סטיכיי, וואָס רייסט דורכ, שוועבקט אונטער אינ א גאנצער רײ ערטער אונדזערע אָרגאנענ און פרוווט זיכ דורכצורייסנ די מעלוכישע מאָנאָפּאָליע. ער האָט געשטעלט פאר דער פארטיי די דאָזיקע פראגע וועגנ דער קליינבירגערלעכער סטיכיי מיט דער גאנצער שארפקייט. ער האָט געזאָגט:

„אָדער מיר וועלנ אונטעראָרדענענ אונטער אונדזער קאָנטראָל און דיסקאָנט אָט דעם קליינעם בורזשוא (מיר וועלנ דאָס קאָנענ טאָנ, אויב מיר וועלנ אָרגאניזירנ די אָרעמשאפט, ד.ה. די מערהייט באפעלקערונג אָדער האלב־פּראָלעטאריער, ארומ דעמ באוווסטזיניקנ פּראָלעטארישנ אוואנגארד), אָדער ער וועט אראָפּווארפנ אונדזער ארבעטער־מאכט אומפארמיידלעכ, ווי ס׳פלעגנ אראָפּווארפנ די רעוואָליוציע די נאפּאָלעאָנענ און קאוועניאקנ, וואָס גראָד אפ אָט דעם קליינייגנטימערשנ באָדנ וואקסנ זיי ארויס. אזוי שטייט די פראגע“. *

אזוי שארפ, אזוי גראָדליניק האָט וולאדימיר איליטש געשטעלט די פראגע וועגנ די געפארנ, וואָס עס טראָגט מיט זיכ אָט די קליינבירגערלעכע סטיכיי. און פאנאנדערארבעטנדיק די מאָסמיטלענ פארנ אריבערגיינ צו דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, האָט ער לאכלוטנ זיכ ניט באגרענעצט בלויז מיט האנאָכעס. אייניקע האָבנ זיכ געפּרוווט אויסמאָלנ לענינענ אלס טעאָרעטיקער פונ אָט די הא-

* לענינ, ווערק, ב. XXII, ז. 515.

נאָכעס, ווי דעם טעאָרעטיקער פונ האנאָכעס דעמ פויערטומ, זיי האָבנ זיכ געפרווט רעדוצירנ דעמ לעניניזמ צו דער פויערשער פראגע. אָבער לענינ איז קיינמאָל ניט געווענ קיינ פויערשער פילאָסאָפ, — אוא מינ אָפשאצונג פונ זײַנ טעטיקײַט איז רעכילעס, לענינ האָט ווי א רעוואָליוציאָנער, פאנאנדערארבעטנדיק די פראגע וועגנ צוזאמענשלוס מיטנ פויערטומ, וועגנ בונד מיטנ פויערטומ, צוגלײַכ דערמיט געזענ אויכ יענע געפארנ, וואָס דריגענ ארויס פונדאנענ, און ער האָט גלײַכצײַטיק פאנאנדערגעארבעט א גאנצע סיסטעמ מאָסמיטלענ, וועלכע האָבנ באדארפט אונטעראָרדענענ אָט די קליינבירגערלעכע סטיכיי אונטער דער מעלוכע און גיכערנ דעמ ניצאָכנ פונ דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט און פראָלעטארישער דיקטאטור. ער האָט פאָרגעלייגט א ריי מאָסמיטלענ פונ מעלוכישנ קאפיטאליזמ. ער האָט אפ א נײַעמ אויפנ אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ קאָאָפעראציע, וואָס גיט, אינ די באדינגונגענ פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, די מעגלעכקײַט אריבערצוגיינ צומ סאָציאליזמ מיטנ „מעגלעכסט פאשוטנ, לײַכטנ און צוטריטלעכנ פארנ פויער וועג" *. אָבער צוגלײַכ דערמיט גייענ דורכ ווי א רויטער פאָדעמ אינ אלע זײַנע אָנווײַזונגענ די פראגנ פונ שאפנ א גרויס-אינדוסטריע. ער האָט געזאָגט:

„א רעטונג פאר רוסלאנד איז ניט בלויז א גוטע גערעטעניש אינ דער פויערשער ווירטשאפט — דאָס איז נאָכ וויייניק, — און ניט בלויז א גוטער צושטאנד פונ דער לײַכטער אינדוסטריע, וואָס גיט דעמ פויערטומ געברויכ-געגנשטאנדנ, — דאָס איז נאָכ אויכ וויייניק, — אונדז איז נייטיק אויכ א שווערע אינדוסטריע... אָנ דער רעטונג פאר דער שווערער אינדוסטריע, אָנ איר ווידערופשטעלונג וועלנ מיר ניט קאָנענ אופבויענ קיינ שומ אינדוסטריע, און אָנ איר וועלנ מיר בכלל אומקומענ אלס זעלבשטענדיק לאנד." **

ער האָט גערעדט וועגנ דעמ, אז אונדז איז נייטיק די אופשטעלונג פונ דער גרויס-אינדוסטריע, ווײַל דערינ, און נאָר דערינ איז אונדזער רעטונג.

ער פלעגט קעסיידער אונטערשטרײַכנ, אז מיר מוזנ אָנזאמלענ און אָפשפאָרנ מיטלענ פאר אונדזער אינדוסטריע, ווײַל נאָר די גרויס-אינדוסטריע איז די ווירקלעכע און פעסטע

---

* לענינ, ווערק, ב. XXVII, ז. 392.

** לענינ, ווערק ב. XXVII, ז. 349.

באַזע פונעמ סאָציאַליזמ. נאָר אָט די גרויס-אינדוסטריע וועט געבנ אינ אונדזערע הענט די מיטלענ אונ מעגלעכקייַטנ אפ איבערצומאַכנ די דריבנע פויערשע הירטשאפט.

אָט די אָנווייַזונגענ לענינס זייַנענ עס די גרונטיקע, זיי גייענ דורכ ווי א רויטער פאָדעמ דורכ אלע זייַנע דירעקטיווונ אפנ געביט פונ דער נייַער עקאָנאָמישער פאָליטיק.

אונ אנדערש האָט גאָר ניט געקאָנט זייַנ, ווייַל לענינ פלעגט אינ פולסנ אייַנקלאנג מיט מארקסנ באהויפטנ, אז די עקאָנאָמישע באזע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור איז א נייַע ארבעט-אָרגאניזאציע, א העכערע אינ פארגלייַכ מיטנ קאפיטאליזמ.

אינ אָט דעמ צוזאמענהאנג, אינ שייַנ פונ דער ראָליע, וועלכע לענינ פלעגט צוגעבנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אלס געווער פונ קאמפ קעגנ דער קליינבירגערלעכער סטיכיי, איז קעדייַ צו דערמאָנענ, אז בא אונדז האָבנ זיכ נאָכ מיט ווייניקע יאָרנ צוריק געפונענ טעאָרעטיקער, וואָס פלעגנ האלטנ, אז באמ אנאליזירנ אונדזער עקאָנאָמיק, קאָנענ מיר זיכ *אבסטראהירנ* פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, פונ איר עקאָנאָמישער פאָליטיק, פונעמ פלאנ, אז מיר קאָנענ באטראכטנ אונדזער עקאָנאָמיק, *אויסשליסנדיק* פונעמ אנאליז די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

די דאָזיקע „טעאָרעטיקער“ פלעגנ טייַנענ, אז בא אונדז, פונקט ווי אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, איז פאראנ א געוויסער אייגענער *אָביעקטיווער* געזעצ אונ אָביעקטיווע געזעצמעסיקייַט, וואָס איז אומאָפהענגיק פונ אונדזער ווילנ.

איינער פונ די דאָזיקע „טעאָרעטיקער“ פלעגט ארויסרוקנ דעמ געזעצ פונ דער אזויגערופענער „אָנפאנגלעכער סאָציאַליסטישער אָנזאמלונג“, וואָס לייגט זיכ דורכ א וועג אומאָפהענגיק פונ אונדזער ווילנ, פונ דער פראָלעטארישער מעלוכע, אונ וואָס דער טאָכ זייַנער באשטייט אינ דעמ, אז דער סאָציאַליסטישער סעקטער פארברייטערט זיכ אויטאָמאטיש אפנ כעזשבנ פונ פארשלינגענ די דריבנע פויערשע ווירטשאפט אונ דעמ קאפיטאליסטישנ סעקטער.

די דאָזיקע „טעאָריע“, וואָס האָט געהאט א בעפירעשנ טראָצקיסטישנ יאָרער, האָט דירעקט געפירט צו אנ אייַנרייַס מיטנ פויערטומ.

א צווייטע טעאָריע האָט ארויסגערוקט פאר אונדזער עקאָנאָמיק

דעמ אויסגערופענעמ געזעצ פונ ארבעט־פארווענדונגענ, וואָס שטייט קלוימערשט איבער אויסער אונדזער ווילנ אונ וואָס איז אונטער־געאָרדנט אונדזער גאנצע עקאָנאָמיק.

דעמ דאָזיקנ געזעצ פונ ארבעט־פארווענדונגענ, וואָס האָט ניט קיינ שום שייכות מיט מארקס טעאָריע, האָבנ די דאָזיקע טעאָרע־טיקער אָפּאָרטוניסטנ זייער גיכ איבערגעזעצט אפ דער שפּראַכ פונ עקאָנאָמישער פּאָליטיק, אפ דער שפּראַכ פונ פּראַקטישע מאָסמיטלענ; אָט דער געזעצ האָט געפונענ זיינ אויסדרוק אינ דער פּראַקטיק פונ אָריענטירנ זיכ אפ די אויסגערופענע „שמאָלע ערטער“.

דער טאָכ פונ דעמ איניענ באשטייט אינ דעמ, אז אָנשטאָט צו באוועגנ זיכ פאָרויס, אָנשטאָט צו לייזנ די ווידערשפּרוכנ פונ אונדז־ער עקאָנאָמיק דורכ דער באוועגונג פאָרויס, אָנשטאָט בייצוקומענ די שמאָלע ערטער אפנ גרונט פונ די אָנגעזאַמלטע קרעפטנ אונ מעגלעכ־קייטנ פונעמ וווּקס פונ אונדזער אינדוסטריע, פלעגנ אָט די אָפּאָרטו־ניסטישע פּאָליטיקער רופנ דערצו, אז מיר זאָלנ זיכ אָריענטירנ אפ די סאמע ניט אנטוויקלטע, אפ די סאמע אָפּגעשטאַנענע צווייגנ פונ דער ווירטשאפט.

אונ ס'איז גאנצ נאטירלעכ, וואָס אזוי ווי דאָס סאמע שמאָלע אָרט איז געווענ די לאנדווירטשאפט, האָט דאָס אָריענטירנ זיכ אפ די שמאָלע ערטער אינ דער ערשטער ריי באטייט, אז מיר האָבנ באַ־דארפט פארבלייבנ אפנ ניוואָ פונ דער פריערדיקער באגרענעצטקייט, אומבאוואָפנטע אנטקעגנ אונדזערע שׂונאימ אינעווייניק אונ דרויסנ פונעמ לאנד.

אָבער אונדזער פּארטיי איז ניט אוועק מיט יענעמ וועג, וואָס עס האָבנ פאָרגעלייגט די דאָזיקע אויכ־מיר־טעאָרעטיקער, ווייל דאָס וואָלט געהייסנ אונטערגעבנ זיכ דעמ זעלבשטראָמ, לאָזנ זיכ שווימענ לויטנ פארלאנג פונ אָט דער זעלבער סטיכיי, וואָס האָט אונדז ארומ־גערינגלט. די פּארטיי איז דערומ ניט איינגעגאנגענ. די פּארטיי האָט פעסט געדענקט לענינס אָנווייזונגענ וועגנ יענע געפארנ, וואָס שטייענ אונדז פאָר אפ אָט דעמ וועג, זי האָט געדענקט די לענינשע אָנווייזונג וועגנ דעמ, אז מיר מוזנ באשאפנ א גרויס־אינדוסטריע אונ אפ איר באזע זיכ באוועגנ קעגנ דער קליינבירגערלעכער סטיכיי.

אונ, אויב מיר וואָלטנ ארויסגיינ פונ די מארק־באציונגענ, וואָלטנ מיר דענ געקאָנט האָבנ אזוינע גראנדיעזע אונטערנעמונגענ, ווי קאָז־

ניעצקבוי, מאגניטאָגאָרסק א. אנד? ווער וואָלט אימשטאנד געווענ, ארויסגייענדיק פונ דער פּאָשעטער מארק־רענטאבלקייַט, אויסבויענ אונטערנעמונגענ, וואָס אפ זיי איז אויסגעקומענ צו פארווענדנ הונדערטער מיליאָנענ רובל, מאָביליזירנ אומגעהייערע מאסנ ארבעטקראפט, פארווענדנ א מאסע פארשיידענע בוי־מאטעריאלנ, ארייַנפירנ א ריזיקע צאָל אימפּאָרט־מאשינעס אדג.? ווער וואָלט דאָס בעקויעכ געווענ, וועלכע אנדערע מאכט, וואָסער אנדערע ווירטשאפטלעכע אָדער עקאָנאָמישע אָרגאניזאציע? אונ צי קאָנ מענ זיכ פאָרשטעלנ עפּעס אזוינס, אויב מיר וואָלטנ זיכ אונטערגעגעבנ דעמ זעלבשטראָמ?

דאָס איז בעקויעכ געווענ אויסצופירנ נאָר די פּראָלעטארישע מעלוכע, וואָס איז דערבייַ ניט ארויסגעגאנגענ פונעמ שטאנדפּונקט פונ הייַנטיקנ טאָג אָדער פונ דער הייַנטיקער רענטאבלקייַט, נאָר פונ דער נויטווענדיקייַט צו באוואָפענענ דעמ פּראָלעטאריאט מיט טעכניק, אויסצובויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציאליסטישער עקאָנאָמיק, פארוואנדלענ אונדזער לאנד אינ א פאָרגעשריטנ לאנד אויכ אינ הינזיכט פונ טעכניק. דאָס איז בעקויעכ געווענ צו טאָנ די פּראָלעטארישע מעלוכע, וואָס איז ארויסגעגאנגענ פונ מער גרונטיקע צילנ אונ אויפגאבנ פונ אונדזער באוועגונג.

דערינ באשטייט די זאכ, אונ אונדזער פארטיי האָט אינ פולסטנ אייַנקלאנג מיט לענינס אָנווייַזונגענ אָט די ליניע דורכגעפירט, זי האָט פאנאנדערגעוויקלט די קאָאָפּעראציע, זי האָט פאנאנדערגעוויקלט די אינדוסטריע; זי האָט געבויט די גראנדיעזע אונטערנעמונגענ סייַ אינ דער לאנדווירטשאפט סייַ אינ דער אינדוסטריע, זי האָט באשאפנ די עקאָנאָמישע באזע פונעמ סאָציאליזמ אונ האָט ארופגעלייגט א צוימ אפ דער קלייַנבירגערלעכער סטיכיי.

אויב מע זאָל שוינ יאָ ריידנ וועגנ דעמ באוועגונג־געזעצ, וואָס איז געווענ אונ איז בא הייַנטיקנ טאָג פאראנ בא אונדז, דעמ באוועגונגס־געזעצ פונ אונדזער עקאָנאָמיק, דעמלט מוז מענ זאָגנ, אז אָט דער „באוועגונג־געזעצ" פונ אונדזער עקאָנאָמיק, אָט דער יעסאָד פונ אונדזער באוועגונג—דאָס איז די פּראָלעטארישע דיקטאטור, וואָס איז באוואָפנט מיט דער לענינשער טעאָריע, וואָס ווערט אָנגעפירט פונ דער לענינשער פארטיי, וואָס פארמאָגט א פּלאנ פונ דער באוועגונג צומ סאָציאליזמ. אנדערש קאָנ גאָר ניט זייַנ.

אייניקע וועלן עפּשער זאָגן: סטײַטש, און ווי-זשע האַלט עס מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען און אָביעקטיווע אָנגאַבן, וואָס פון זיי מוזן מיר אַרויסגיין? צי הייסט עס ניט, אַז מיר קאָנען אַרויסשפּרינגען פון אָט די באַדינגונגען? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט געווען אַ רעכילעס אָפּ אונדזער פּאַרטיי. די פּאַרטיי שלאָגט מיט דער גאַנצער קראַפט יענע, וואָס מיינען, אַז בא זיי שפּילט קיין זאַך קיין ראָליע ניט, אַז אַלץ איז אַ קלייניקײַט. די פּאַרטיי שטרײַכט אונטער קעסיידער, אַז מיר דאַרפן בויען אונדזער גאַנצע באַוועגונג אויפן גרונט פון זאָרגעוודיקן דערלערנען די עקאָנאָמיק, אַלע אירע באַדינגונגען, פון מאָביליזירן די קרעפטן און מיטלען, קעדיי, שטיצנדיק זיך אויף די אָביעקטיוו געגעבענע מעגלעכקײַטן, ענדערן די דאָזיקע באַדינגונגען אין דער ריכטונג צום זיג פונעם סאָציאַליזם.

דעריבן באַשטייט דער געזעץ פון אונדזער באַוועגונג, ווײַל די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז גראָד טאַקע באַרופן צו דעם, אַז זי זאָל ניט פּאַשעט צופּאַסן זיך צו די פאַראַנענע באַדינגונגען, ניט פּראָסט אונטערגעבן זיך די אָביעקטיווע געזעצן, וואָס עקזיסטירן אין דער געזעלשאַפט, — די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז דערצו טאַקע באַרופן, צו איבעראַנדערשן די וועלט, צו ענדערן די מענטשלעכע באַציונגען, צו שאַפן אַ נײַע, העכערע אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע און פון דער מענטשלעכער אַרבעט. טאַקע דערפאַר, וואָס אונדזער פּאַרטיי האָט, קעמפנדיק קעגן די אויסדריקער פון דער קליינבירגערלעכער סטיכיי, קעגן דער טעאָריע און פּאָליטיק פון ריכטן זיך לויט די שמאָלע ערטער און לויט די איבערגערופענע אָביעקטיווע געזעצן, געהאַט פאַר זיך אַ קלאָרן און גענויעם פּלאַן פון ווירטשאַפטלעכער סאָציאַליסטישער בויונג, האָט זי טאַקע געזיגט, באַשאַפנדיק אין משך פונעם פינפיאָר די גרעסטע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן באַוואָפנט דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער פּאָרגעשריטענער טעכניק.

כאָטש ווײַל איין, ס'איז פאַראַן נאָך אַ זײַט אין אָט דער פראַגע וועגן קאַמף פאַרן סאָציאַליסטישן פּלאַן. מיר האָבן דאָך קיינמאָל ניט באַטראַכט אָט דעם פּלאַן ווי עפּעס אַ קאַנצעלאַרישע זאַך, ווי בלויז עפּעס אַ מין ציפער-סכעמע, אָדער „פּאַפּירענעם צירקוליאַר". מיר ווייסן, אַז דער פּלאַן איז אַ זאַך פון קאַמף, פון מאָביליזירן די פּראָלעטאַרישע קוואַלן און די קרעפטן פון אַלע אַרבעטנדיקע. מיר האָבן

קיינמאָל ניט געהאלטנ אינ האלטנ ניט, אז עס איז גענוג צו געבנ א פלאנ, אונ ער וועט שוינ אפ עפעס אנ אויפנ אלײנ זיכ פאר-ווירקלעכנ. קיינמאָל אינ לעבנ ניט! באמ אויסארבעטנ דעמ פלאנ פאר יעדנ יאָר אונ פאר יעדנ ווירטשאפט-צווײַג שטעלט די פארטיי אָט די פראגע פונ פלאנ ווי א פראגע פונ קלאסנקאמפ. אינ מעשעכ פונעמ פינפיאָר איז אונדז אויסגעקומענ אויסצושטיינ ניט קיינ קלײנעמ קאמפ פאר דער פארווירקלעכונג פונעמ פלאנ קעגנ די אָפּאָרטוניסטנ אינעווייניק אינ אונדזער פארטיי אונ קעגנ דעמ אומיטלבארנ פארביטערטנ ווידערשטאנד מיצאד די קלאסנ-סאָנימ.

דערמאָנט זיכ די ברויט-פארגרייטונגענ אינ די יאָרנ 1928—1930, בעשאס דער באלעגופ האָט זיכ געפרוווט אָרגאניזירנ א דירעקטנ סאבאָטאזש, ניט געבנ קיינ ברויט דער פראָלעטארישער מעלוכע (אונ ברויט איז דאָכ געווענ אונ איז אויכ אצינד דער יעסאָד פארנ פאנאנדערוויקלענ די אינדוסטריע, די גאנצע בויונג). דערמאָנט זיכ דעמ פראָצעס פונ דער „פראָמפארטיי" אונ אנדערע שעדיקער, וואָס האָבנ אינ אונדזערע אנשטאלטנ געקעמפט קעגנ דעמ פארווירקלעכנ דעמ פינפיאָר-פלאנ.

דאָס אלצ באווײַזט אינ א גענוגער מאָס בוילעט, אז די פראגע פונ פארווירקלעכנ דעמ פלאנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור איז א פראגע פונ קלאסנקאמפ, ווי דאָס פלעגט ניט איינ מאָל אונטערשטרײַכנ וולאדימיר איליטש.

צוגלײַכ דערמיט איז די פראגע פונ פלאנ א פראגע פונ מאָביליזירנ אלע קויכעס פונעמ פראָלעטאריאט. וויאזוי דער פלאנ ווערט פארווירקלעכט, — דאָס הענגט אָפּ פונ דעמ, אפ וויפל דער פארטיי גיט זיכ אײַנ צו אָרגאניזירנ ארומ אָט דעמ פלאנ די ארבעטנדיקע מאסנ אונ געבנ א קאָנקרעטע ריכטונג זייער שעפערישער ענערגיע.

מיר געפינענ זיכ אצינד אינ נײַע באדינגונגענ: מיר האָבנ א זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ דער לאנדווירטשאפט, וואָס דריקט זיכ אויס אינ דעמ, וואָס די קאָלווירטנ פרעוואלירנ אינ דער ערדארבעט. צוזאמענ מיט די ראטווירטנ שפילנ זיי בא הײַטיקנ טאָג די אנטשיידנדיקע ראָליע אינ דער לאנדווירטשאפטלעכער פראָדוקציע.

אָבער אָט די פראגנ פונ קאמפ פארנ פלאנ, פונ קאמפ קעגנ זעלבסטראָמ שטייענ דאָ פאר אונדז אינ זייער גאנצער שארפקײַט.

מיר האָבנ אָרגאַניזירט ראַטווירטנ און קאָלווירטנ. די קאָלווירטנ זײַ־
נענ אונטערנעמונגענ פונ סאָציִאַליסטישנ טיפּ. אָבער כ׳ סטאַלינ האָט
אינ זײַנ לעצטער רעדע ריכטיק באַטאָנט, אַז דאָס הייסט נאָכ ניט,
אַז אַלע זײַנענ זיי אונטערנעמונגענ, וואָס זײַנענ סאָציִאַליסטישע לויטנ
טאָכ. באַ די קאָלווירטניקעס לעבנ נאָכ די קליינייגנטימערישע רעשט־
לעכ, די קאָלווירטניקעס מוז מענ נאָכ דערציִענ פאַרווירקלעכ סאָ־
ציִאַליסטישע אַרבעטלײַט. און ווענ מיר ריידנ אַצינד וועגנ דער קאַמ-
פּאַניע פונ פריִלינג-פאַרזיי, ווענ מיר ריידנ וועגנ פּלאַנ פונ ברויט־
פאַרגרייטונגענ, וועגנ פּלאַנ וויִאַזוי די קאָלווירטניקעס דאַרפנ אויס-
פילנ זייערע פאַרפליכטונגענ פאַר דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, —
איז דאָס פאַר אונדז, כאַווייריִמ, ניט פּאָשעט אַנ אָרדנטלעכע
לאַנדווירטשאַפטלעכע קאַמפּאַניע. פאַר אונדז איז דאָס אַ קאַמפּ פאַרנ
סאָציִאַליסטישנ פּלאַנ אינ קאָלווירט אָדער ראַטווירט, אַ קאַמפּ
צו דערציִענ דעמ קאָלווירטניק פאַר אַ סאָציִאַליס־
טישנ אַרבעטמאַנ, אַ קאַמפּ פאַר פאַרוואַנדלענ די קאָלווירטנ
אינ ווירקלעכ סאָציִאַליסטישע אונטערנעמונגענ. דערינ באַשטייט די
פראַגע.

און איצט געפינענ זיכ נאָכ מענטשנ, וואָס שטעלנ בענעגייע די
קאָלווירטנ די פראַגע אַזוי: מיילע, אויסגעפילט, ניט אויסגעפילט, —
נישקאָשע, ווי-עס-איז וועלנ מיר זיכ שוינ אַנ אייצע געבנ. ביז
איצט זײַנענ נאָכ דאָ אַזוינע מענטשנ, וואָס האַלטנ, אַז וויבאַלד זיי
האָבנ אוועקגעשיקט דעמ פּלאַנ אינ ראַיאָנ ארײַנ, — איז גענוג.

און צולעצט, זײַנענ פאַראַנ לײַט, וואָס כויזעקנ פונ די שוועריִ־
קײַטנ, וועלכע אונדזער פּאַרטיי באַגעגנט אינ איר קאַמפּ פאַר אויס־
פילנ די היסכײַווועסנ מיצאַד די קאָלווירטניקעס לעגאַבע דער מעלוכע.
אָבער דאָס זײַנענ מענטשנ, וואָס האָבנ אײַנגעריסנ מיטנ לעניניזמ.

מיר מוזנ אַרומ דעמ פּלאַנ, אַרומ דעמ פּלאַנ פונ דער פאַרזיי־
קאַמפּאַניע, אַרומ דעמ, אַז די קאָלווירטניקעס זאָלנ אויספילנ די פאַר־
פליכטונגענ פאַר דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, אָרגאַניזירנ און אופ־
הייבנ די מאַסנ, דערציִענ זיי אָפּ אָט דעמ איניענ, העלפנ זיי ליק־
ווידירנ די קליינייגנטימערישע רעשטלעכ, אויסשמידנ אינ דעמ קאַמפּ
נײַע באָלשעוויסטישע קאַדרענ אינ די קאָלווירטנ.

אינ דער הינזיכט וועט אונדז נאָכ אויסקומענ אַ סאַכ צו אַרבעטנ.
אונדזערע סאָנימ כיכיקענ נאָכ. זאָלנ זיי כיכיקענ! זיי האָבנ געכי־

כיקעט אויכ וועגנ דעמ פינפיאָר. אָבער מיר זײַנענ איבערצײַגט, אז אינ אונדזער קאמפ אונ ארבעט פאר סאָציִאליסטישער דערציִונג פונ קאָלווירטניק, פאר אָרגאניזירנ די פארזיי־קאמפאניע, די ברויט־פאר־גרייטונגענ וועט אונדזער פארטיי זיגנ אונ וועט דערופ דערציִענ נײַע מיליאָנענ קעמפער, באָלשעוויקעס, וואָס וועלנ קעמפנ פאר דער סאָציִאליסטישער בויונג, אז זי וועט זיי דערציִענ פונקט אזוי, ווי זי פלעגט דאָס טאָנ אינ די אונטערנעמונגענ פונ דער אינדוסטריע, ווו זי האָט אופגעהייבנ נײַע אונ נײַע שיכטנ אקטיווע אונ באוווסט־זיניקע פראָלעטאריער.

## IV. די נייטיקייט פונ ווײַטערדיקנ פארפעסטיקנ די פראָ־לעטארישע דיקטאטור

כאווײדים, מיר לעבנ בא הײַנטיקנ טאָג אינ נײַע באדינגונגענ. דער סאָציִאליסטישער סעקטער פרעוואלירט אונ שפילט אנ אנטשיידנ־דיקע ראָליע אינ דער עקאָנאָמיק. אונ בא אונדז געפינענ זיכ מענטשנ, וואָס אײַלנ זיכ צופיל, וואָס פארגעסנ לענינס אָנווײַזונגענ אונ וואָס פונ אָט דעמ פאקט פונ דער געענדערטער סיטואציע מאכנ זיי אנ אויספיר, אז מיר מעגנ אָפשוואכנ אונדזער פראָלעטארישע מעלוכע, אז אינ דאָרפ, ווו ס'זײַנענ שוינ אָרגאניזירט קאָלווירטנ, דארפ מענ שוינ ניט האָבנ קיינ ראטנ אונ קיינ ראטנמאכט.

אָט די אלע כקירעס גייענ זיכ ראדיקאל פאנאנדער מיט דעמ אלצ, וואָס אונדז האָט געלערנט וולאדימיר איליטש לענינ אינ דער פראגע פונ מעלוכישער מאכט, וואָס דאָס דארפנ מיר אצינד באזונ־דערס גוט געדענקענ. וולאדימיר איליטש פלעגט קעסיידער אונטער־שטרײַכנ, אז נאָכ דעמ, ווי דער פראָלעטאריאט וועט האָבנ דע־ראָבערט די מאכט, הייבט זיכ אָנ די העכסטע פארביטערונג פונעמ קלאסנקאמפ. ער האָט טאקע אויסדריקלעכ גערעדט וועגנ אָט דער העכסטער פארביטערונג פונעמ קלאסנקאמפ אינ זײַנ קאָנספעקט פונ דער בראָשור „וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט“. *

דער קאמפ, דער פארביטערטער ווידערשטאנד מיצאד די עקס־פלואטאטערס שרעקנ אונדז ניט.

---

* לענינ, ווערק, ב. XXV, ז. 6.

## בא אונדז איז ניט קיין שול פון זיסן איינריידן, נאָר א שול פון אומקאָמפּראָמיסלעכן קלאסנקאמף.

„אונדז, ווידער, פונקט ווי יעדע אויפריכטיקע פריינט פונעם אונטערדריקטן קלאס, קאָנען די עקסטרעמע מאָסמיטלען פון ווידערשטאנד מיצאד די עקספּלואטאטערס נאָר פרייען, ווייל דאָס אויסוואקסן, דאָס רייפ ווערן פונעם פּראָלעטאריאט צו מאכט דערווארטן מיר ניט פון איינריידן און איינטייענען, ניט פון דער שול פון זיסינקע דראָשעס אָדער באלערנדיקע דעקלאמאציעס, נאָר פון דער שול פון לעבן, פון דער שול פון קאמף. קעדיי צו ווערן דער הערשנדיקער קלאס און ענדגילטיק באזיגן די בורזשואזיע, מוז זיך דער פּראָלעטאריאט דאָס אויסלערנען, ווייל מיטאמאָל האָט ער ניט פונוואנען צו נעמען אזא קענטעניש. און אויסלערנען זיך מוז מען אין קאמף. און לערנען לערנט נאָר אן ערנסטער, איינגעשפּארטער, פארצווייפלטער קאמף". *

וולאדימיר איליטש לענין האָט גערעדט אויך וועגן דעם, אז נאָכן דעראָבערן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט האָבן מיר אן אויסערסטע פארשיידנארטיקייט פון די פאָרמען פון קלאסנקאמף. דער קלאסן-סוינע ענדערט זיין טאקטיק וועדליק נאָך די באדינגונגען, און דאָס, כאוויירים, האָבן מיר געזען אין לויף פון דער גאנצער צייט פון דער רעוואָליוציע — מיר האָבן געהאט אי סאבאָטאזש אי פארשווערונגען אי אָפענע ארויסטרעטונגען פון קריג-ארמייען און אינטערווענטן, מיר האָבן געהאט שעדיקערייַ אין אונדזערע אָרגאניזאציעס, מיר האָבן געהאט באלעגופישן סאבאָטאזש פון די ברויט-פארגרייטונגען. און בא היינטיקן טאָג, ווען דער סאָציאליזם באזירט זיך אף א פעסטן, אומוואקלדיקן פונדאמענט, זעצט דער קלאסן-פיינט נאָך אלץ פאָר זיין קאמף קעגן אונדזער פארטיי, קעגן דער סאָציאליסטישער בויונג; דער קלאסן-פיינט, וואָס האָט פארלאָרן זיין עקאָנאָמישע מאכט, וואָס איז ארויסגעשלאָגן פון זיינע באלעגופישע נעסטן, איז ארויסגעשלאָגן פון זיינע האנדל- און ספּעקוליאציע-„אונטערנעמונגען", איז זיך אצינד פאנאנדערגעקראָכן איבער אלערליי שפּארונעס, פארקריכט אין אונדזערע אנשטאלטן און שטרעבט דאָרט צו שעדיקן, ער פארקריכט אין אונדזערע קאָלווירטן און ראט-ווירטן מיטן צוועק זיי פאנאנדערצופיילן, אנטקעגנצושטעלן זיי דער סאָוועטישער מעלוכע.

אָט דאָס אלץ שטעלט פאר אונדז מיט דער גאנצער שארפקייט

* לענין, ווערק, ב. XXII, ז. 157.

די פראגע וועגנ העכערנ קעסיידער אונדזער וואכזאמקייט, באצייטנס דערזעענ אלע מאכינאציעס פונעמ קלאסנ-פיינט, וואָס מאסקירט זיכ מיט סאָוועטישער לעגאלקייט, וואָס מאכט דעמ אָנשטעל פונ אַנ אָנהענגער פונ קאָלווירט, קעדיי אהינ ארייַנצוקריכנ אונ דאָרטנ, קלאָמערנדיק זיכ אָנ די קליינגעטימערישע רעשטלעכ פונ די קאָלווירטניקעס, די נעכטיקע אינדיווידואלנ, צו קעמפנ קעגנ דער ראטנמאכט, קעגנ דער סאָציאליסטישער בויונג.

כ' סטאלינ האָט אינ זייַנ רעדע וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ אוועקגעשטעלט די פראגע אזוי, אז קיינ נייטראלע קאָלווירטנ קאָנענ בא אונדז ניט זייַנ, אז דער קאָלווירט מוז זייַנ אונטער אונדזער אָנפירונג, אניט וועט ער אומפארמיידלעכ ארונטערפאלנ אונטער דער אָנפירונג פונעמ סוינע. אייניקע כאוויירימ האָבנ ניט געקאָנט באנעמענ אָט די שטעלונג פונ דער פראגע, אינדערעמעסנ אָבער איז דאָס די איינציק ריכטיקע לענינשע שטעלונג. דערמאָנט זיכ לענינס קאמפ קעגנ די עקאָנאָמיסטנ אינ 1900 יאָר. דעמלט האָט זיכ געהאנדלט וועגנ דעמ זייַנ אָדער ניט זייַנ פונ אונדזער פארטיי, וועגנ דעמ, צי זאָל די פארטיי שטיינ אינ דער שפיצ פונ דער ארבעטער־באוועגונג. אונ דעמלט פלעגט לענינ זאָגנ: אָפּזאָגנ זיכ פונ פאָליטישנ קאמפ, פונ די פאָליטישע אופגאבנ, פונ דער פראָפּאגאנדע אונ פונ א רעוואָליוציאָנערער פארטיי הייסט אונטעראָרדענענ די ארבעטער-באוועגונג אונטער דער בורזשואזער ווירקונג אונ אונטער דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע. אזוי איז געשטעלט געוואָרנ די פראגע בענעגייע דעמ ארבעטער־קלאס. מיט אזא שארפקייט האָט וולאדימיר איליטש געשטעלט די פראגע וועגנ דעמ פאָרגעשריטענעמ רעוואָליוציאָנערנ קלאס, וועגנ דעמ, אז ער קאָנ ארונטערפאלנ אונטער דער בורזשואזער ווירקונג! אונ דאָ האָבנ מיר דעמ קאָלווירטניק, א קליינגעטימער, וואָס האָט נאָרוואָס אייַנגעריסנ מיט זייַנ אינדיווידועלער ווירטשאפט, ער האָט נאָכ א ריי רעשטלעכ. אונ ס'איז גאנצ נאטירלעכ, אז בענעגייע אימ שטייט אָט די פראגע נאָכ שארפער. ווער פירט אָנ אינ די קאָלווירטנ? צי פירנ דאָרט אָנ באָלשעוויקעס? אויב דאָרט איז ניטאָ קיינ ווירקלעכע, קאָנקרעטע באָלשעוויסטישע אָנפירונג, — דעמלט פאלט אָט די אָנפירונג ארייַנ צו אונדזערע סאָנימ אינ די הענט.

באמ איצטיקנ מאָמענט שטייט פאר אונדז מיט דער גאנצער דייַטלעכקייט די פראגע וועגנ דער נויטווענדיקייט ווייַטער צו פאר־

פעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור אפּ צו קעמפנ קעגנ די רעשט־לעכ פונ קלאסנ־פײַנט.

צוגלײַכ דערמיט וויקלט זיכ אלצ שטארקער פאנאנדער פאר אונדז די צווייטע וויכטיקסטע זײַט פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור — דאָס איז איר דערציִערישע ראָליע. לענינ האָט געהאלטנ פאר איינער פונ די וויכטיקסטע אופגאבנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אירע דערציִערישע אופגאבנ סײַ בענעגייע די אָפּגעשטאנענע שיכטנ פונ פראָלעטאריאט סײַ בענעגייע די אנדערער שיכטנ ארבעטנדיקע. אָט די אופגאבע שטייט פאר אונדז מיט דער גאנצער קראפט. אינ זײַנ בריוו צו די אונגארישע ארבעטער, ווענ אינ אונגארנ איז פאָרגע־קומענ די רעוואָליוציע אונ אינ אונגארנ איז אָרגאניזירט געוואָרנ א ראטנ־רעפּובליק, האָט לענינ, געבנדיק די אונגארישע ארבעטער א קורצע ארבעט־פּראָגראם, געשריבנ:

„דורכ קלאסנקאמפ קעגנ דעמ ווידערשטאנד פונ דער בורזשואזיע, קעגנ דער אינערטקײַט, דער רוטינע, דער אומאנטשלאָסנקײַט, די וואקלונגענ פונ דער קליינ־בורזשואזיע דארפ דער פראָלעטאריאט פארטיידיקנ זײַנ מאכט, פארפעסטיקנ זײַנ אָרגאניזירנדיקע ווירקונג, דערשלאָגנ זיכ די „נייטראליזירונג" פונ יענע שיכטנ, וואָס האָבנ מוירע אָפּצוגיינ פונ דער בורזשואזיע אונ וואָס גייענ צו ניט־זיכער נאָכנ פראָלעטאריאט, פארפעסטיקנ די נײַע דיסציפּלינ, די כאווערשע דיסציפּלינ פונ די ארבעטנדיקע, זייער פעסטע פארבינדונג מיטנ פראָלעטאריאט, זייער באהעפטקײַט ארומ דעמ פראָלעטאריאט, אָט די נײַע דיסציפּלינ, דעמ נײַעמ יעסאָד פונ געזעלשאפטלעכער פארבינדונג, אָנשטאָט דער לײַבייגנטימערישער דיסציפּלינ פונעמ מיטלאלטער, אָנשטאָט דער דיסציפּלינ פונ הונגער, דער דיס־ציפּלינ פונ דער „פרײַער" לוינ־שקלאפערײַ באמ קאפּיטאליזמ". *

די פארטיי פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור פילט אויס בא היינטיקנ טאָג אָט די אופגאבע, די אופגאבע פונ שאפנ א נײַע גע־זעלשאפטלעכע דיסציפּלינ, וועלכע לענינ האָט באטראכט ווי א נײַע ארט געזעלשאפטלעכע פארבינדונג. די פארטיי פילט אויס אָט די אופגאבע אינ אונדזערע קאָלווירטנ, אינ די דאָזיקע נײַע אונטערנעמונגענ, וואָס זײַנענ די גרעסטע דערגרייכונג פונעמ פינפ־יאָר אונ וואָס מיר מוזנ איצט מאכנ זיי אלע, אָנ אויסנעמ, פאר סאָציאליסטישע לויט זייער טאָכ.

אונ צולעצט, כאווײרימ, שטייט נאָכ פאר אונדז בענעגייע די

* לענינ, ווערק, ב. XXIV, ז. 315.

קאָלווירטן, און ניט בלויז בענוגייע די קאָלווירטן, אויך א צווייטע וויכטיקע אויפגאבע, וואָס לענין פלעגט זי שטענדיק באטאָנען.

ער פלעגט זאָגן:

„דער קאָמוניזם הייבט זיך אָן דאָרט, ווו עס אנטשטייט בא די דורכשניטלעכע ארבעטער א מעסירעסנעפעשדיקע זאָרג, וואָס איז גוויוועד די שווערסטע מי, א זאָרג וועגן פארגרעסערן די פראָדוקטיוויקייט פון דער ארבעט, וועגן אָפּהיטן יעדן פוד ברויט, קוילן, אייזן און אנדערע פראָדוקטן, וואָס זיינען באשטימט ניט פאר די, וואָס ארבעטן פערזענלעך, און ניט פאר זייערע „נאָענטע”, נאָר פאר „ווייטע”, ד.ה. פאר דער גאנצער געזעלשאפט אינגאנצן גענומען, פאר צענדליקער און הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען פאראייניקט צוערשט אין איין סאָציאַליסטישער מעלוכע, דערנאָך אין א פארבאנד פון סאָוועטישע רעפּובליקן”. *

אָט וויאַזוי לענין פלעגט שטעלן די פראגע: זאָרגן וועגן יעדן שטיקל ברויט, וועגן יעדן שטיק קוילן אין די אינטערעסן פון דער גאנצער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט. אָט דאָס איז טאקע, כאווייריס, יענע פראגע וועגן אָפּהיטן דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום, וואָס אונדזער פארטיי האָט לעצטנס אַוועקגעשטעלט און וואָס האָט אַן אומגעהייערע באדייטונג, ווייל אָט דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום איז דער יעסאָד פון דער סאָוועטישער אָרדענונג. די פארטיי פירט אין די קאָלווירטן א דערציִערישע ארבעט, זעענדיק זיך צו דערשלאָגן, אז די קאָלווירטניקעס זאָלן פארשטיין, וואָס דאָס איז אזוינס אָט דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום, זיי זאָלן זיך אויסלערנען עס אָפּצוהיטן, צו זאָרגן וועגן דעם. דאָס באטייט — דערציִען די קאָלווירטניקעס ווי ארבעטלייט, ווי מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, ווי בעעמעס סאָציאַליסטישע ארבעטלייט.

## V. וועגן רעוואָלוציאָנערער טעאָריע

עס דערנעענטערט זיך דער טאָג, ווען מיר וועלן פארצייכענען 50 יאָר זינט מארקס טויט. דאָ, אפ דער הייַנטיקער זיצונג, דארפן מיר זאָגן, אז דער יעסאָד פון אונדזערע ניצכוינעס איז דער פאקט, וואָס אונדזער פארטיי האָט דורך לענינען איינגעזאפט אין זיך די גאנצע דערפארונג פון דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, אלדאָס בעסטע, וואָס איז אין איר געווען. ווייל כ' לעגין

---

* לענין, ווערק, ב. XXIV, ז. 342.

איז געווענ ניט בלויז א קענער פונעם מארקסיזמ, ער איז געווענ דער גרעסטער מארקסיסטישער טעאָרעטיקער, ער איז געווענ מארקס פאָרזעצער אינ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע.

כאווער סטאלינ האָט פולשטענדיק ריכטיק כאראקטעריזירט דעמ לענינימ אלס מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. דערמיט ווערט באטאָנט, אז דער לענינימ איז די אָרגאנישע פאָרזעצונג אונ אנטוויקלונג פונעמ מארקסיזמ. אינ זײַנ שמועס מיט דער אמעריקאנישער ארבעטער־דעלעגאציע האָט כ׳ סטאלינ געגעבנ א דײַטלעכע אונ קורצע פאָרשטעלונג וועגנ יענע פראגנ, וואָס לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט צו אנטוויקלענ מארקס לערע: די פראגנ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, וועגנ איר סאָוועטישער פאָרמ אונ וועגנ די פארבינדעטע פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד, די פראגנ פונ נאציאָנאל־קאָלאָניאַלע רעוואָליוציעס, וועגנ דער פּארטיי.

איכ וועל זיכ ניט אָפּשטעלנ דאָ אויספירלעכ אפ דעמ, ווײַל דאָס אלצ איז גלענצנד פאָרמולירט בא כ׳ סטאלינ.

רײדנדיק וועגנ מארקסיזמ, האָט וולאדימיר איליטש געשריבנ:

„גאנצ אנדערש באשטייט די זאכ, ווענ די אופגאבע פונ די סאָציאַליסטנ ווערט רעדוצירט צו זײַנ די אידייִשע אָנפירער פונעמ פּראָלעטאריאט אינ זײַנ ווירקלעכנ קאמפ קעגנ עמעסע, ווירקלעכע סאָנימ, וואָס שטייענ אפנ *ווירקלעכנ* וועג פונ דער געגעבענער געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישער אנטוויקלונג. בא דעמ באדינגנ גיסט זיכ די טעאָרעטישע אונ די פּראקטישע ארבעט צונויפ אינ איינ ארבעט, וואָס זי האָט אזוי טרעפלעכ כאראקטעריזירט דער וועטעראנ פונ דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע ליבקנעכט מיט די ווערטער: *שטודירנ, פּראָפּאגאנדירנ, אָרגאניזירנ.*

מע קאָנ ניט זײַנ קיינ אידייִשער אָנפירער אָנ דער אויבנ אָנגעוויזענער טעאָרעטישער ארבעט, פונקט ווי מע קאָנ ניט זײַנ אזא פירער, ניט ריכטנדיק אָט די ארבעט לויט די פאָדערונגענ פונ דער זאכ, ניט פּראָפּאגאנדירנדיק די רעזולטאטנ פונ אָט דער טעאָריע צווישנ די ארבעטער אונ ניט העלפנדיק זייער אָרגאניזירונג.

אָט די אוועקשטעלונג פונ דער אופגאבע גאראנטירט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע קעגנ יענע פעלערנ, פונ וועלכע ס׳לײַדנ אזוי אָפט די גרופּעס סאָציאַליסטנ, — קעגנ דאָגמאטיזמ אונ סעקטאנטישקײַט”. *

---

* *לענינ*, ווערק, ב. I, ז. 192.

כאווײרים, דאָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ אײנער פונ לענינס ערשטע ארבעטנ „וואָס זײַנענ אזוינס די „פאָלק־פרײַנט“?“. מיר זעענ דאָ א קלאסישע כאראקטעריסטיק פונ דער פארהעלטעניש־צווישנ דער טעאָרעטישער אונ פראקטישער ארבעט, אונ אָט די פארהעלטעניש קאָנענ מיר מיט דער פולסטער דײַטלעכקײַט זענ בא לענינענ.

נעמט זײַנע ארבעטנ וועגנ אימפעריאליזם, וועגנ דער טאקטיק אונ סטראטעגיע אינ דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, וועגנ דער טאקטיק אונ סטראטעגיע אינ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. דאָס זײַנענ אלצ גאָר גרויסע פראָבלעמענ, וואָס זײ האָט ארויסגערוקט אונ פאנאנדערגעארבעט וולאדימיר איליטש לענינ אינ צוזאמענהאנג מיט דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ קאמפ, וואָס די פארטײ האָט געפירט.

אינ דער געשטאלט פונ לענינענ זעענ מיר א וווּנדערבארנ מוסטער פונ צונויפפאָרונג פונ א טעאָרעטיקער מיטנ גרעסטנ אָרגאניזאטער, ווײַל ער האָט פאנאנדערגעארבעט די דאָזיקע פראגנ, ארויסגײענדיק פונ דער פראקטיק פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. ער האָט צוגלײַכ דערמיט געקענט פראָפאגאנדירנ ווי קײנער מער, געוווּסט וויאזוי צו דערקלערנ אלע פראגנ די ברײטע מאסנ ארבעטנדיקע.

דער מארקסיזמ,— האָט לענינ געלערנט,— איז ניט קײנ דאָגמע, דער מארקסיזמ איז ניט עפעס טויטס אונ פארגליווערטס, ער אנטוויקלט זיכ אינ צוזאמענהאנג מיט דער דערפארונג פונ דער ארבעטער־באוועגונג אינ אלע לענדער, אפנ גרונט פונ אָט דער דערפארונג. עס איז נאטירלעכ, אז דער פעריאָד פונ קאמפ פונ אונדזער פארטײ זינט לענינס טויט, דער פעריאָד, וואָס האָט צו פארצײכענענ די גרעסטע דערפאָלגנ אינ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ, האָט אונדז געבראכט נײַע דעראָבערונגענ אויכ אפנ געביט פונ דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע.

א גאנצע רײ פראגנ, וואָס זײַנענ פאנאנדערגעארבעט געוואָרנ אינ מעשעכ פונ אָט דעמ פינפיאָר, זײַנענ ניט בלויז די גרעסטע פראקטישע פאקטנ, נאָר זײ זײַנענ צוגלײַכ דערמיט אויכ די גרעסטע טעאָרעטישע פאקטנ.

נעמט אזוינע פראגנ, ווי פראגנ פונ דער סאָציאליסטישער

אינדוסטריִאליזאציע, וואָס האָבנ אזא באדײַטונג באמ בויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציִאליסטישער עקאָנאָמיק אונ באמ איבער־מאכנ די עקאָנאָמיק פונ דער לאנדווירטשאפט. דאָס זײַנענ די גרעסטע פראקטישע פאקטנ ניט בלויז פאר אונדזער לאנד, נאָר אויכ פאר דער גאנצער אינטערנאציִאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, אונ דאָס איז צוגלײַכ דערמיט דער גרעסטער טעאָרעטישער פאקט, וואָס וועט ארײַנ־גיינ אינ אוצער פונ דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע אונ וועט דינענ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ אנ אנדער לאנד אפ מאָרגנ נאָכנ דורכפירנ די פראָלעטארישע רעוואָליוציע.

נעמט אזא פראגע, ווי די פראגע פונעמ פראָדוצירישנ צוזאמענשלוס, וואָס אונדזער פארטיי האָט בא הײַנטיקנ טאָג פאנאנדערגעארבעט נאָכ לענינס טויט אונ וואָס איז ניט בלויז א פראקטישע, נאָר אויכ א טעאָרעטישע דעראָבערונג.

נעמט אזא פראגע, ווי די פראגע פונ אריבערגיינ צו קאָלעקטיווער ווירטשאפט. בא לענינענ האָבנ מיר די גרונטיקע אויס־גאנג־פאָזיציעס. וויִאזוי דאָס האָט זיכ באדארפט אויסבילדנ אינ דער פראקטיק, וואָסער פאָרמ מע האָט דאָ באדארפט אויסקלײַבנ — דאָס האָבנ מיר זיכ דערוווסט בלויז איצט. מיר האָבנ דורכגעקאָנטראָלירט אפנ גרונט פונ דערפארונג די קאָלווירטישע פאָרמ פונ דער באווע־גונג, אונ זי שטעלט פאָר אָנ סאָפעק אויכ דעמ גרעסטנ פאקט פונעמ שטאנדפונקט פונ דער רעוואָליוציִאָנערער טעאָריע.

די פראגנ פונ סאָוועטישנ האנדל אָנ ספעקוליאנטנ, אָנ הענדלער, אָנ קאפיטאליסטנ — זײַנענ אויכ א גראנדיִעזע פראקטיש מאָסמיטל אונ צוגלײַכ דערמיט דער גרעסטער רעזולטאט פונעמ שטאנד־פונקט פונ דער רעוואָליוציִאָנערער טעאָריע, ווײַל זיי באווײַזנ יענע מעטאָדנ, יענע פאָרמענ פונ פארטיילונג, וואָס דער רעוואָליוציִאָנע־רער פראָלעטאריאט שטעלט איינ אפ א געוויסער שטופע פונ ארי־בערגאנג צומ סאָציִאליזמ.

נעמט די פראגע פונ אָרגאניזירנ דעמ פארבאנד פונ די סאָציִאליסטישע רעפובליקנ, ווי א פאָרבילד פונעמ וועלט־פארבאנד פונ סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ. אונ צולעצט, די פראגע פונ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס. אָט די אלע פראגנ, כאוויירימ, פארמאָגנ ניט בלויז די גרעסטע פראק־טישע באדײַטונג אינעמ קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס פארנ סאָציִא־

ליזם, נאָר זיי שטעלנ פאָר א ריזיקנ בײַטראָג אינ דער אינטערנאַציאָנאלער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, אינ דער אינטערנאציאָנאלער דערפארונג פונעמ קאמפ פונ ארבעטער־קלאס, א בײַטראָג, וואָס וועט, אָנ ספק, העלפנ דעמ ארבעטער־קלאס פונ אנדערע לענדער לײַכטער אדורכצופירנ די סאָציאליסטישע רעוואָליוציע אונ אָנצומערקנ ריכטיקע יעסוידעס אינ זײַנ פאָליטיק מיט א סאכ קלענערע שוועריקײַטנ, איידער דאָס איז אויסגעקומענ צו טאָנ אונדז, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ די זאכ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ די שווערסטע באדינגונגענ אונ אינ דער שווערסטער סיטואציע.

קעדיי צו פארצייכענענ אָט די לענינשע צונויפפאָרונג פונ טעאָריע אונ פראקטיק, וואָס ווערט פארווירקלעכט פונ דער לענינשער אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי, וואָלט איכ וועלנ אײַכ באווײַזנ אייננ פאקט.

נעמט דעמ פאקט פונ אָרגאניזירנ די מאשינ־טראקטערשע סטאנציעס. ווי האָט זיכ אָט די זאכ אָנגעהויבנ? די זאכ האָט זיכ אָנגעהויבנ דערפונ, וואָס אינ אוקראינע, אינ אָדעסער געגנט, האָט זיכ באוויזנ אָט די ערשטע מאשינ־טראקטערשע סטאנציע, דער ערשטער, אזוי צו זאָגנ, נעסט. מע האָט לײַכט געקאָנט פארבײַגייִנ פארבײַ אָט דעמ איניענ. אונ באקומענ האָט זיכ אזוי, אז מיר האָבנ איצט די מאשינ־טראקטערשע סטאנציע ווי א מאסנ־פאָרמ, וואָס די פארטיי גיט איר אצינד צו די גרעסטע באדײַטונג. פארוואָס האָט זיכ עס אזוי באקומענ? ווײַל אונדזער פארטיי, וואָס איז באוואָפנט מיט דער מארקסיסטיש־לענינשער טעאָריע, האָט דערזענ אונ באצײַטנס גענומענ אינ אכט, וואָסער באדײַטונג עס האָט די קליינע געשעעניש — די אָרגאניזירונג פונ דער מאשינ־טראקטערשער סטאנציע.

ארויסגייענדיק פונ מארקסיסטיש־לענינשנ אנאליז, האָט די פארטיי באוויזנ אופצוהייבנ אָט דעמ אייִנצלנעמ פאקט פונ אָרגאניזירנ א מאשינ־טראקטערשע סטאנציע אפ דער גרעסטער הייכ, מאכנדיק פונ דער מאשינ־טראקטערשער סטאנציע א מעכטיקנ הייבער אפ איבערצובויענ סאָציאליסטיש די לאנדווירטשאפט.

די דאָזיקע מאשינ־טראקטערשע סטאנציעס האָבנ זיכ אצינד פארוואנדלט, פונעמ שטאנדפונקט פונ אינטערנאציאָנאלער דערפארונג, פונ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, אינ איינעמ פונ יענע הייבערס, וועלכע ס׳מוז האָבנ אינ איר רעשוס די פראָ-

לעטארישע דיקטאטור, קעדיי צו פירנ פאָרויס די סאָציאליסטישע איבעראנדערשונג פונ דער לאנדווירטשאפט.

כאוויירים, אנ אומגעהייערער פארדינסט איז אָט דער גרויסער זאכ געהערט דעמ כ׳ סטאלינ (אפלאָדיסמענטנ). כ׳ סטאלינ האָט פאנאנדערגעארבעט די פראגנ פונ אינדוסטריאליזאציע פונעמ ראטנלאנד. כ׳ סטאלינ האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס. לויט כ׳ סטאלינס איניציאטיוו איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ די פראגע וועגנ די מאשינ-טראקטערשע סטאנציעס, כ׳ סטאלינ האָט אויכ אנטוויקלט די לענינשע לערע וועגנ צוזאמענשלוס, ער האָט אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ פראָדוצירישנ צוזאמענשלוס מיט דער פויערשער ווירטשאפט, כ׳ סטאלינ האָט מיט דער גאנצער דייטלעכקייט, קאָנקרעטקייט אונ פולקייט אנטוויקלט די לענינשע לערע וועגנ סאָציאליסטישנ איבערמאכנ די פויערשע ווירטשאפט. כ׳ סטאלינ האָט אנטוויקלט לענינס האנאָכע וועגנ זיג פונ סאָציאליזמ אינ אונדזער לאנד.

אינ רעזולטאט האָבנ מיר אזא לאגע, אז אונדזער פארטיי האָט פראקטיש דערוויזנ די מעגלעכקייט פונ אויפבוי אונ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינ לאנד. אונ דאָס אלצ האָט ניט בלויז א פריוואטע באדייטונג,—דאָס האָט א באדייטונג ניט נאָר פאר אונדזער לאנד. אָט די גאנצע סומע מאָס-מיטלענ האָט אנ אומגעהייערע באדייטונג פאר די פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, ווייל אָט די מאָסמיטלענ באטייטנ מעטאָדנ, פאָרמענ אונ וועגנ פונ אויפבויענ די קאָמוניסטישע געזעלשאפט.

אָט פארוואָס אינעמ באוווסטזיינ פונ אונדזער פארטיי שטייט אצינד דעמ כ׳ סטאלינס נאָמענ אינ דער ריי נעמענ פונ די גרויסע גרונטלייגער פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ! (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

## VI. וועגנ דער פארטיי

מיר דארפנ היינט פארצייכענענ, אז די לענינשע פארטיי האָט מיט קאָוועד אויסגעהאלטנ אלע אויספרווונ אונ אטאקעס מיצאד די סאָנימ, אז זי האָט מיט קאָוועד געפירט אונ פירט די ארבעטנדיקע

אפֿן שווערן, העראָישן וועג פֿון סאָציאַליסטישער בויונג, אַז זי פֿאַר־דינט בעעמעס דעם נאָמען פֿון איר גרויסן פֿירער און לערער.

ווי די גרעסטע דערגרייכונג פֿון אונדזער פּאַרטיי דאַרפֿן מיר היינט פֿאַרצייכענען איר מאָנאָליטישקייט: אַז אין דער פּאַרטיי איז ניטאָ קיין וויפֿל־ניט־איז באַדייטנדיקע גרופּקע אָדער פֿראַקציע, וואָס וואָלט אימשטאַנד געווען אַרויסצוטרעטן קעגן דער לענינשער ליניע פֿון דער פּאַרטיי.

אונדזער פּאַרטיי איז פֿעסט, מאָנאָליטיש, ווי קיינמאָל ביז איצט. פֿאַרוואָס־זשע איז עס אַזוי? אין וואָס ליגט דער סאָד דערפֿון? לענין האָט גערעדט וועגן דיסציפּלין, וועגן דער באַהעפֿטקייט פֿון אונדזער פּאַרטיי. אַף וואָס־זשע האַלט זיך אָט די דיסציפּלין, אָט די באַהעפֿטקייט? ער האָט געזאָגט:

„...אַף וואָס האַלט זיך די דיסציפּלין פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פֿונעם פּראָלעטאַריאַט? מיט וואָס קאָנטראָלירט מען זי? מיט וואָס פֿאַרפֿעס־טיקט זי זיך? ערשטנס, מיט דער באַוווסטזיניקייט פֿונעם פּראָלעטאַרישן אוואַנ־גאַרד און מיט זיין איבערגעגעבנקייט דער רעוואָלוציע, מיט זיין אויסדויער, מעסירעסנעפּעש, העראָיזם. צווייטנס, מיט זיין קענען זיך פֿאַרבינדן, זיך דער־נעענטערן, ביז אַ געוויסן גראַד, אויב איר ווילט, זיך צונויפֿגיסן מיט דער סאַמע ברייטער מאַסע אַרבעטנדיקע, אין דער ערשטער ריי מיט דער פּראָלע־טאַרישער, אָבער אויך מיט דער ניט־פּראָלעטאַרישער אַרבעטנדיקער מאַסע. דריטנס, מיט דער ריכטיקייט פֿון דער פּאָליטישער אָנפֿירונג, וואָס ווערט פֿאַרווירקלעכט פֿון אָט דעם אַוואַנגאַרד, מיט דער ריכטיקייט פֿון איר פּאָלי־טישער סטראַטעגיע און טאַקטיק, באַם באַדינג, אַז די סאַמע ברייטע מאַסן זאָלן אַף זייער אייגענער דערפֿאַרונג זיך איבערצייגן אין אָט דער ריכטיקייט. אָן די דאָזיקע באַדינגונגען איז די דיסציפּלין אין דער רעוואָלו־ציאָנערער פּאַרטיי, וואָס איז ווירקלעך פֿייִק צו זיין די פּאַרטיי פֿון פֿאָרגע־שריטענעם קלאַס, וועלכער דאַרף אַראָפּוואַרפֿן די בורזשואַזיע און איבעראַנדערשן די גאַנצע געזעלשאַפֿט, אומעגלעך צו פֿאַרווירקלעכן. אָן די דאָזיקע באַדינ־גונגען ווערן די פּרווון צו שאַפֿן דיסציפּלין אומפֿאַרמייַדלעך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּוסטן קלאַנג, אַ פֿראַזע, אַ גרימאַסע. און די דאָזיקע באַדינגונגען, פֿון דער אַנדערער זייט, קאָנען ניט אַנטשטיין מיטאַמאָל. זיי אַרבעטן זיך אויס בלויז דורך לאַנגער אַרבעט, דורך שווערער דערפֿאַרונג; דאָס אויסאַרבעטן זיי פֿאַרלייכטערט זיך בלויז דורך אַ ריכטיקער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, וואָס איז, ווידער, ניט קיין דאָגמע, נאָר וואָס בילדעט זיך אויס ענדגילטיק נאָר אין ענגן צוזאַמענבונד מיט דער פּראַקטיק פֿון אַ ווירקלעכער מאַסעווער און בעעמעס רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג“.*

---

* לענין, ווערק, ב. XXV, ז. 174.

די פּאַרטיי האָט פאַר אָט די יאָרנ פּאַרפּעסטיקט אָט די אַלע דרײַ באַדינגונגען. מיר האָבנ געהאַט דעמ העראָיזמ אונ די מעסירעס-נעפּעשדיקע אַרבעט פונעמ פּראָלעטאַרישנ אַוואַנגאַרד, וואָס דאָס האָט זיכ באַזונדערס געלאָזט פילנ אינ די שלאַכטנ פאַרנ פינפיאָר: מיר האָבנ געהאַט אונ מיר האָבנ אַ נאָכ ניט-געזעענע פאַרברייטערונג פונ דער פאַרבינדונג צווישנ אָט דעמ אַוואַנגאַרד אונ די ברייטע שיכטנ אַרבעטנדיקע. מיר האָבנ געהאַט, כאַווײרימ, צוגלײַכ דערמיט אויכ אַ ריכטיקע פּאָליטישע אָנפירונג, הינטער וועלכער ס'איז גע-שטאַנענ די גאַנצע פּאַרטיי, נאָכ וועלכער זי איז געגאַנגענ, וועלכע האָט באַוואָרנט איר פאַרפעסטיקונג, איר לעבנספייִקײַט. דאָס איז אויסער יעדנ סאָפּעק אונ דאָס איז די גרעסטע דערגרייכונג פונ אונדזער פּאַרטיי.

עס פאַרשטייט זיכ אָבער, כאַווײרימ, אַז מיר דאַרפנ ניט פאַר-געסנ, אַז מיר לעבנ אינ אַ פײַנטלעכער אַרומרינגלונג, אַז פאַר אונדז שטייענ נאָכ אויפגאַבנ פונ קלאַסנקאַמפ. מיר זעענ, ווי אָט די פײַנט-לעכע ווירקונגענ דרינגענ אויכ ווײַטער אַרײַנ אינ די רייענ פונ אונדזער פּאַרטיי, ווי עס ווערנ באַשאַפנ די אָדער יענע גרופּקעס, וואָס פּרוּווּנ זיכ קעמפנ קעגנ דער גענעראַלער ליניע פונ דער פּאַרטיי.

עמעס, איצט האָט די גענעראַלע ליניע פונ דער פּאַרטיי אַפ אַזוי-פיל זיכ באַרעכטיקט אינ דער ווירקלעכקײַט, אַז קיינ איינ מענטש קאָנ ניט אינעווייניק אינ דער פּאַרטיי אַרויסטרעטנ אָפנ קעגנ אָט דער גענעראַלער לענינשער ליניע. ער קאָנ ניט זאָגנ עפעס אָפנ קעגנ אָט דער ליניע, ווײַל ער וועט טייקעפ דעמאַסקירט ווערנ דורכ די אַרבעטנדיקע גופע, וואָס קענענ די פּאַרטיי, וואָס גלייבנ איר, וואָס זײַנענ איבערצײַגט אינ דער ריכטיקײַט פונ דער ליניע, וועלכע אונד-זער פּאַרטיי פירט דורכ; אונ דעריבער פּרוּווּנ די אַנטיפּאַרטייִשע גרופּקעס זיכ מאַסקירנ מיט רייד וועגנ געטרײַשאַפט צו דער גענע-ראַלער ליניע פונ דער פּאַרטיי, קעדיי קעגנ איר צו קעמפנ. מיר מוזנ אינ דער הינזיכט זײַנ אַפ דער וואַכ. מיר דאַרפנ קאָנטראָלירנ אַפ דער פּראַקטיק די דערקלערונגענ וועגנ געטרײַשאַפט צו דער גענעראַלער ליניע פונ דער פּאַרטיי.

מיר מוזנ זײַנ וואַכזאַמ, ווײַל די לעצטע גרופּעס, וואָס די פּאַרטיי האָט דעמאַסקירט — די גרופּע סמירנאָוו-אייסמאָנט אונ די גרופּע רוטינ-סליעפּקאָוו — האָבנ באַוויזנ די מעגלעכקײַט פונ דער אַנטשטיי-

ונג פֿון אַזוינע מינע באַזונדערע גרופּקעלעך, וואָס זײַנען ניט אימ־שטאַנד צו ברענגען אונדזער פּאַרטיי קיין וועזנטלעכן שאָדן, אָבער זיי קאָנען פֿונדעסטוועגן אונדז אָנמאַכן שאָדן. נאָכמער מוזן מיר זײַן וואַכזאַם, קעדיי באַצײַטנס צו געבן אַ ווידערשטאַנד און דעמאַסקירן אַזעלכע מינע דערשײַנונגען, אַזוינע גרופּקעס, וואָס זײַנען די אויסדריקער פֿונעם באַלעגופּנטום און פֿון אַנדערע אונטערגייען־דיקע עלעמענטן בא אונדז אין לאַנד. אָט אין וואָס עס האַנדלט זיך.

בא הײַנטיקן טאָג האָט אונדזער פּאַרטיי אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן רייניקונג, זי האָט אַוועקגעשטעלט אָט די פֿראַגע, האָבנדיק לעניס אָנווײַזונגען וועגן דעם, אַז די פּאַרטיי דאַרף פֿון צײַט צו צײַט דורכפֿירן רייניקונגען, קעדיי זיך אָפּצורייניקן פֿון צוגעשאַרטע, פֿון קאַריעריסטישע עלעמענטן. עס איז קיין שום צווייפֿל ניט, אַז די פּאַרטיי וועט זיך נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקן דורך אָט דער רייניקונג, זי וועט נאָך מער פֿאַרשטאַרקן די מאָנאָליטישקײַט פֿון אירע רייען, זי וועט צונויפֿנעמען אַלע אירע קרעפֿטן, קעדיי ווײַטער זיגרײַך צו פֿירן דעם העראָישן קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם.

באַווײַרים, פֿאַר אונדזער פּאַרטיי שטייען גראַנדיעזע אויפֿגאַבן. פֿאַר אונדז שטייט די אויפֿגאַבע ניט נאָר צו בויען, נאָר אויך באַ־הערשן יענע פּרעכטיקע גיגאַנטישע אונטערנעמונגען, וואָס זײַנען אויסגעבויט פֿאַר די פֿינף יאָר. פֿאַר אונדז שטייט די אויפֿגאַבע ווירט־שאַפֿטלעך־פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל צו פֿאַרפֿעסטיקן די קאָל־ווירטן. פֿאַר אונדז שטייט די אויפֿגאַבע צו העכערן די אַרבעט־פּראָ־דוקטיווקײַט, די אויפֿגאַבע צו קעמפֿן קעגן יענע סאָנים, וואָס קריכן אַרײַן אין אַלערליי שפּאַרונעס. עס קאָן זיך דוכטן, אַז דאָס זײַנען אַלץ שמאָלע פּראַקטישע אויפֿגאַבן, אָבער אין יעדער פֿון זיי ליגט דער יעסאָד, די פּרוזשינע פֿון אונדזער ווײַטערדיקן באַוועגן זיך פֿאָרויס. יעדע פֿון אָט די אויפֿגאַבן איז — אַ באַדינג פֿאַר אונדזערע ווײַטערדיקע דערפֿאָלגן, פֿאַר אונדזערע ווײַטערדיקע טריט צום זיג פֿונעם סאָציאַליזם. און דעריבער מוז מען אַלע קרעפֿטן, די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקײַט, די גאַנצע ענערגיע אָנווענדן אף דעם, אַז פֿון אויבן ביז אַראָפּ זאָל מען אין אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס קאָנ־קרעט אַוועקשטעלן די אַרבעט צו מאָביליזירן די אַרבעטער־מאַסן, די מאַסן קאָלווירטניקעס אַרום דעם אויספֿילן די דאָזיקע אויפֿגאַבן.

די דאָזיקע אויפֿגאַבן זײַנען פּראַקטישע, אָבער זיי אַנטשיידן די

דערפאָלגנ פונעמ גרויסנ ציל פונ צווייטנ פינפיאָר — צו שאפנ אנ אָנקלאסנדיקע געזעלשאפט!

ווענ מיר ציִענ אונטער די סאכאקלענ פונעמ דורכגעגאנגענעמ וועג, ווענ מיר זעענ ווי לענינס גרויסע אידייענ האָבנ באקומענ א מאטעריעלע פארקערפערונג אינ צענדליקער נייע עלעקטרישע סטאנציעס, אינ די ריזנ פונ אונדזער מאשינ-בויונג אונ מעטאלורגיע, אינ די גרויסע טראנספאָרט-וועגנ, אינ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, וואָס זיינענ איצט אויסגעוואָקסנ אפ אונדזער סאָוועטישער ערד, ווענ מיר זעענ די וואקסנדיקע רייענ פונ דער מיליאָניקער ארמיי פראָלעטאריער, שלאָגלער, שלאָג-בריגאדעס, ווענ מיר זעענ די מעכטיקע לענינשע פארטיי, וואָס האָט זיכ פארוואנדלט אינ דעמ גרעסטנ קויעכ, אינ דעמ גרעסטנ קוואל פונ רעוואָליוציאָנערער ענערגיע ניט בלויז פאר די ארבעטנדיקע פונעמ ראטנפארבאנד, נאָר אויכ פארנ גאנצנ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל, ווענ מיר זעענ די אָנפירונג פונ אָט דער פארטיי, וואָס פירט אומדערמידלעכ אונ אומאָפנייגלעכ די פארטיי אפנ לענינשנ וועג, ווענ מיר זעענ אונדזערע כאווײרימ — די קעמפער אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, וואָס פארברייטערנ זייערע רייענ, וואָס פירנ אקשאָנעסדיק אונ בא שווערע באדינגונגענ דעמ קאמפ אונטער דער זעלבער פאָנ, אונטער וועלכער מיר קעמפנ, ווענ מיר זעענ אונדזערע ברידער אינ כינע, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט אפנ העראישנ וועג פונ קאמפ קעגנ דעמ וועלט-אימפעריאליזמ, קעגנ קאָלאָניאלער אונטערדריקונג, אָרגאניזירנדיק ראטנ, אונטער לענינס פאָנ, מיט זיינ נאָמענ אפ די ליפנ, — קאָנענ מיר, כאווײרימ, מיט דער פולער קראפט פונ זיכערקייט דערקלערנ פאר דער גאנצער וועלט, אז לענינס ווערק איז אומבאזיגלעכ! (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

# די אנטוויקלונג-וועגנ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור *

כאוויירים, די טעזיסנ וועגנ צווייטנ פינפיאָר האָבנ די גרעסטע היסטאָרישע באדייַטונג.

די סאָציאַליסטישע געועלשאפט, וואָס איז פריער געווענ אינ דער וויַיטער פּערספּעקטיוו, האָט פאָרגעשטעלט א וויַיטנ ציל, שטייט איצט אופ פאר אונדז ווי א מאמאָשעסדיקע רעאלקייַט פונ מאָר-געדיקנ טאָג.

אינ דעמ באשטייט דער קאָלאָסאלער זיג פונ אונדזער פּארטיי, אינ דעמ באשטייט די גרעסטע באדייַטונג פונ דער לענינשער פּאָליטיק, וואָס עס האָט פארווירקלעכט דער צענטראל-קאָמיטעט פונ אונדזער פּארטיי בעראָש מיטנ כ' סטאלינ אינ קאמפ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ פונ אלע קאָלירנ אונ שאטירונגענ.

אָבער טאקע דערפאר, וואָס פאר אונדז שטייענ איצט די גרעסטע היסטאָרישע אופגאבנ, וואָס מיר זייַנענ אריַינגעטראָטנ אינ א נייַעמ פּעריאָד פונ סאָציאַליסטישער בויונג, דארפנ מיר זייער זאָרגעוודיק איבערקוקנ די קרעפטנ-פארהעלטעניש פונ די באזונדערע עלעמענטנ, טיילנ אונ טיילכעלעכ פונ אונדזער עקאָנאָמיק: וואָס פונ דעמ אלטנ דארפ מענ ליקווידירנ ביזנ סאָפ, וועלכע עלעמענטנ אָפּווארפנ, וואָס דארפ אליינ אָפּשטארבנ אינ דער נאָענטסטער צייַט, וואָס דארפ בלייַבנ אונ וואָס זייַנענ די עלעמענטנ פונעמ נייַעמ, וואָס מיר דארפנ מיט אלע מיטלענ אנטוויקלענ אונ פארפעסטיקנ. מיר דארפנ אפנ סאמע זאָרגעוודיקנ אויפנ איבערקוקנ די צונויפּפאָרונג פונ אָט די

* רעדע אפ דער XVII קאָנפערענצ פונ דער אלקפּ(ב), דעמ 3-טנ פעוראל 1932 — „פּראוודא", נומ. 34, דעמ 4-טנ פעוראל 1932. אָפּגעדרוקט אינ א באזונדערער בראָשור.

אלע עלעמענטנ, ווײַל מיר דארפנ דיסקאָנטירנ א געוויסע געפאר פונ קאָפּשווינדל פונ דערפאָלג מיצאד באזונדערע כאווײרימ.

עס קאָנענ זיכ געפינענ אזוינע, וואָס וועלנ ניט דערשאצנ די באדײַטונג פונ באזונדערע עלעמענטנ, וואָס דארפנ פארבלײַבנ אויכ אינ מעשעכ פונעמ צווייטנ פינפיאָר אונ א געוויסע צײַט אויסער די גרענעצנ זײַנע — די באדײַטונג פונ יענע שטאפּלענ, וואָס אפ זיי מוזנ מיר זיכ אופהייבנ אינ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט אונ ווײַטער — צומ פולנ קאָמוניזמ. אזא מינ קאָפּשווינדל פונ דערפאָלג מיצאד באזונדערע כאווײרימ האָבנ מיר געהאט אינ דער פארגאנגענ־הײַט, אפ די פריערדיקע עטאפּנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג.

צי דענ האָבנ זיכ בא אונדז ניט געפונענ אזוינע לײַט, וואָס נאָכ דעמ, ווי אונדזער לאנד איז ארײַנגעטראָטנ אינ פעריאָד פונ סאָציאליזמ, האָבנ זיי געמאכט פונ אָט דעמ פאקט, פונ אָט דעמ זיג פונ דער פארטיי אונ פראָלעטאריאט, אנ אויספיר מיט א גראָדליניקײַט, וואָס האָט קיינ שומ שײַכעס ניט מיט מארקס-לענינס דיאלעקטיק, אז דעמ וווירטשאפטלעכנ אויסהאלט דארפ מענ אפ קאָ־פּאָרעס, אז דאָס געלט שטארבט שוינ אָפּ, אז די פּראָלעטארישע דיקטאטור דארפ שוינ אָנהייבנ זיכ ליקווידירנ, זיכ אופלייזנ, זיכ זעלבסט פאנאנדערלאָזנ. אזוינע מינ שטימונגענ טוענ אָנ דעמ גרעסטנ שאָדנ דער סאָציאליסטישער בויונג. מיט זיי דארפנ מיר קעמפנ, ווי מיט טענדענצנ, וואָס קאָנענ בלויז אָפּשוואכנ, דעמאָביליזירנ אונדזערע רייענ, אָפּציענ אונדז פונעמ קאמפ מיט די שוועריקײַטנ, וואָס זײַנענ נאָכ פאראנ אונ וועלנ נאָכ זײַנ אפ אונדזער וועג.

טאקע דערפאר, ווענ איצט שטייענ פאר אונדז די פארכאפּנדיקע אופגאבנ פונ אופבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט, דארפנ מיר מיט באָלשעוויסטישער שארפזיכטיקײַט דערלערנענ אונ אײַנקוקנ זיכ נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל אינ דער באהעפטונג פונ אלע עלעמענטנ, וואָס זײַנענ נייטיק פאר אָט דער בויונג. מיר דארפנ זיכ פונדאָסנײַ ווענדנ צו די לעבעדיקע קוואלנ פונ דער טעאָריע פונעמ וויסנשאפט־לעכנ סאָציאליזמ, צו די ארבעטנ פונ מארקס, ענגעלס, לענינ אונ סטאלינ איבער די פראגנ פונ אויסבויענ די סאָציאליסטישע געזעל־שאפט.

איינער פונ די וויכטיקסטע טעזיסנ, פונ די וויכטיקסטע האנאָ־כעס אינ דער רעזאָליוציע, וואָס ווערט פאָרגעלייגט דער קאָנפערענצ,

איז די האנאָכע וועגן דעם, אז צום סאָף צווייטן פינפיאָר דארפן מיר זיך דערשלאָגן ניט נאָר עס זאָלן פולשטענדיק ליקווידירט ווערן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, נאָר אויך, אז עס זאָלן ליקווידירט ווערן די קלאסן ביכלאל און עס זאָלן פארניכטעט ווערן יענע סיבעס, וואָס געבוירן קלאסן און די עקספלואטאציע פון מענטש דורך מענטש. וואָסערע זיינען דאָס די דאָזיקע יעסוידעס פון דער עקזיסטענץ פון די קלאסן? וואָס פאר א סיבע דארפן מיר פארניכטן, כדיי צו פארניכטן די עצעם מעגלעכקייט פון דער אנטשטייונג פון קלאסן? די דאָזיקע סיבע איז דאָס פריוואט-אייגנטום אפ די פראָדוציר-מיטלען. דאָס פריוואט-אייגנטום אפ די פראָדוציר-מיטלען ווערט איצט ליקווידירט, עס ווערט פארניכטעט אינעם גאנג פון קאמף קעגן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, אינעם גאנג פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום ווי א קלאס אפ דער באזע פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, אינעם גאנג פון פארגעזעלשאפטלעכן די פויערשע ווירטשאפטן און פון סאָציאליסטישן איבערמאכן זיי. בא אונדז איז ניטאָ קיין שום צווייפל אין דעם, אז די דאָזיקע אופגאבע צו פארניכטן דאָס פריוואט-אייגנטום אפ די פראָדוציר-מיטלען וועט אונדזער פארטיי מיט דערפאָלג פארענדיקן אין משעך פונעם צווייטן פינפיאָר, ווייל שוין איצט שפילן די קאָלווירטן צוזאמען מיט די ראטווירטן די אנטשיידנדיקע ראָליע אין דער לאנדווירטשאפט פונעם סאָוועטישן לאנד, ווייל די קאָלעקטיוויזאציע גייט דערפאָלגרייך מיט יעדן יאָר, ווייל עס גייט מיט דערפאָלג די ליקווידאציע פונעם באלעגופנטום אלס א קלאס.

די אופגאבע צו פארניכטן דאָס פריוואט-אייגנטום אפ די פראָדוציר-מיטלען וועט אונדזער פארטיי אָן ספק פארענדיקן אין משעך פונעם צווייטן פינפיאָר. מיר דארפן אָבער זיך דערמאָנען אלץ, וואָס מארקס, ענגעלס און לענין האָבן געשריבן וועגן דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. מיר דארפן האָבן אין זינען, אז נאָכן ליקווידירן די קלאסן, נאָכן פארניכטן די סיבעס פון די קלאסן-אונטערשיידן וועלן נאָך אפ א געוויסער צייט פארבלייבן די קליינבירגערלעכע רעשטלעך, די רעשטלעך פון קלאסן-אונטערשיידן, וועלכע מע מוז בייקומען. אין דעם פראט מוזן מיר פירן אן אנטשיידענעם קאמף קעגן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, קעגן יענע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע טענדענצן, וואָס אנטפלעקן זיך

אינ די קאָלווירטנ אונ אינ באַזונדערע אונטערנעמונגענ פונעמ קאָנסעקווענט-סאָציאַליסטישנ טיפ.

אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער אופגאַבע צו ליקווידירנ די קלאַסנ, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרנ פאַרנ 2־טנ פינפיאָר, שטייט איינ וויכטיקע פּרינציפּיעלע פראַגע, וואָס בענעגייע צו איר טאָרנ ניט זײַנ קיינ שומ ספּייקעס, בענעגייע צו איר דאַרפ זײַנ פולקומע קלאָרקײַט. דאָס איז די פראַגע וועגנ דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, דאָ דאַרפ מענ מיט א פולנ מויל זאָגנ, אַז די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז געווענ, איז אונ בלײַבט אינעמ 2־טנ פינפיאָר אונ אויסער זײַנע ראַמענ אפ דעמ פעריאָד צײַט, וואָס אונדזער אויג פאַרכאַפּט, אונ אַז די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע מעלוכע דאַרפנ מיר פאַרפעסטיקנ.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעכ, אַז אונדזער פּראָלעטאַרישע מעלוכע האָט אייגנאַרטיקע שטריכנ, זי איז אַנ אייגנאַרטיקע מעלוכע אונ לעניג האָט זי אָנגערופנ האַלב־מעלוכע. זי וועט ווערנ אַנ אַנדערע צומ סאָפ פינפיאָר, אָבער זי וועט דאָכ פאַרבלײַבנ א פּראָלעטאַרישע מעלוכע, א פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. זי בלײַבט א מעלוכע, וואָס נעמט ארומ, אינ וועלכער עס ווערט אָרגאַניזירט דער אַרבעטער־קלאַס אונ אַלע אַרבעטנדיקע; זי איז א מעלוכע, וואָס ווערט אַלצ מער פול, וואָס באַקומט אַלצ מער פולע אונ נײַע פונקציעס; זי ווערט אַלצ אינ א גרעסערער מאָס די אָרגאַניזאַציע, וואָס דורכ איר פאַרוואַלטנ די אַרבעטנדיקע אַלצ מער מיט דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע אונ בויענ נײַע, סאָציאַליסטישע פּראָדוקעס; זי איז די אָרגאַניזאַציע, וואָס קעמפט אונ פאַרפעסטיקט די נײַע געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלינ, זי איז די אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרפעסטיקט די ניצחוינעס פונעמ פּראָלעטאַריאַט, דערשטיקט דעמ ווידערשטאַנד פונ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ אונ ליקווידירט די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ.

אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס די פּראָלעטאַרישע מעלוכע ווערט אַלצ מער פול אינעמ זינ פונ פאַנאַנדערוויקלענ די פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע, וואָס זי נעמט ארומ אַלצ גרעסערע שיכטנ אַרבעטנדיקע אונ ציט זי ארײַנ אינעמ בויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, — גרייט זי צו אונ שאַפט דערמיט גופע די יעסוידעס פאַר איר אָפּשטאַרבנ. אונ לעניג רעדט וועגנ דעמ מיט א קלאָרקײַט, וואָס לאָזט ניט איבער קיינ שומ צווייפל.

„א דעמאָקראַטיע אווירקלעכ פולע, וואָס ווערט א געוווינהײַט און שטאַרבט דערפאר אָפּ... פולע דעמאָקראַטיע הייסט קיינ שום דעמאָקראַטיע. דאָס איז ניט קיינ פאראדאָקס, נאָר דער עמעס!" *

אָט דאָס איז די לענינישע האנאָכע וועגנ דער אנטוויקלונג, דער באוועגונג פונ דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע צו איר פולקומענ אָפּשטאַרבנ. דאָ זעענ מיר דעמ טריומפ פונ דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. מיר זעענ ווי די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע ווערט אלצ פולער, און טאקע דערפאר, וואָס זי ווערט אלצ פולער, איז די פּראָלעטאַרישע מעלוכע גויוועער זיכ אַליינ, זי לייקנט זיכ אַליינ אָפּ, זי שטאַרבט אָפּ.

ווענ-זשע וועט אָנקומענ אָט דאָס פולשטענדיקע אָפּשטאַרבנ פונ דער מעלוכע? אויכ וועגנ דעמ רעדט לענינ מיט דער פולסטער קלאָרקײַט. „די פולקומע דעמאָקראַטיע, וואָס ווערט א געוווינהײַט און שטאַרבט דערפאר אָפּ, וואָס טראָגט אָפּ דאָס אָרט פאַרנ פּרינציפּ: „יעדער לויט זײַנע פייִקײַטנ, יעדנ לויט זײַנע באדערפענישנ". **

די עקאָנאָמישע באזע פאר א פולשטענדיקנ אָפּשטאַרבנ פונ דער מעלוכע, — זאָגט לענינ, — איז אזא הויכע אנטוויקלונג פונעמ קאָמוניזמ, ווענ עס פארשווינדט דער קעגנזאַץ צווישנ דער אינטעלעקטועלער און פיזישער ארבעט, עס פארשווינדט, הייסט עס, איינער פונ די וויכטיקסטע קוואַלנ פונ דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער אומגלײַכקײַט, און דערבײַ אזא קוואַל, וואָס בלויז מיטנ איבערגאַנג פונ די פּראָדוציר-מיטלענ אינ געזעלשאַפטלעכנ אייגנטומ, בלויז מיט דער עקספּראָפּריאַציע פונ די קאַפּיטאַליסטנ קאָנ מענ אימ מיטאמאָל בעשומויפנ ניט באזײַטיקנ." ***

אָט ווענ ס'וועט אָנקומענ דאָס דאָזיקע פולשטענדיקע אָפּשטאַרבנ פונ דער מעלוכע. דאָס וועט קומענ דעמלט, ווענ ס'וועט אָנקומענ דער טריומפ פונעמ פּרינציפּ — „יעדער לויט זײַנע פייִקײַטנ, יעדנ לויט זײַנע באדערפענישנ", ווענ די פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע, די סאָציאַליסטישע דיסציפּלינ וועלנ ווערנ א געוווינהײַט, דעמלט וועט אָפּפאלנ די נייטיקײַט אינ עלעמענטנ פונ צוואַנג.

* „לענינ-זאמלבוכ", ב. XIV, ז. 267.

** „לענינ-זאמלבוכ", ב. XIV.

*** לענינ, ווערק ב., XXI, ז. 436.

„פארנ פולשטענדיקנ אָפּשטארבנ פונ דער מעלוכע איז נײטיק פולשטענדיקער קאָמוניזמ“. *

אָבער וואָסער וועג פירט צו אָט דער פולער דעמאָקראטיע? אונ דאָ האָט די גרעסטע באַדײַטונג אײנ האנאָכע פונעמ כ׳ סטאַלינ:

דער כ׳ סטאַלינ האָט אפנ XVI צוזאמענפאָר מיט דער פולסטער דײַטלעכקײַט אָנגעוויזנ אפ דעמ, אז דער וועג צומ אָפּשטארבנ פונ דער מעלוכע גײט דורכנ פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע מעלוכע, אז דער דאָזיקער פראָצעס איז א טיפ דיאַלעקטישער. אונ דאָס דארפנ מיר איצט אונטערשטרײַכנ מיט דער גאנצער באשטימטקײַט. דער וועג צו אָט דער פולער דעמאָקראטיע, וועגנ וועלכער עס רעדט לענינ, ליגט דורכ דער פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער מעלוכע, ווײַל מיר דארפנ (אונ דאָס טוענ מיר מיט דערפאָלג) ארײַנציִענ אלצ גרעסערע אונ גרעסערע שיכטנ פונעמ פראָלעטאריאט אונ ארבעטנדיקע אינ דער ארבעט פונ פארוואלטנ אונ אָרגאניזירנ די מעלוכע, אינ אונדזער סאָוועטישער בויונג, אינ אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג, אונ דאָס איז די פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ צוגלײַכ דערמיט דאָס שאפנ די באַדינגונגענ, אז זי זאָל אָפּשטארבנ דערנאָכ.

אונדז איז נײטיק דער קאמפ קעגנ די בורזשואזע עלעמענטנ, אונדז איז נײטיק די ליקווידאציע פונ די דאָזיקע בורזשואזע עלעמענטנ, אונ דאָס איז טאקע צוזאמענ דערמיט די פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ פונ אירע אָרגאנענ. אונ דאָס טוענ מיר ווידעראמאָל אפנ גרונט פונ ארײַנציִענ די ברײטע ארבעטנדיקע מאסנ.

מיר דארפנ באשאפנ א געזעלשאפטלעכע, נײַע, סאָציִאליסטישע דיסציפּלינ, אונ דאָס איז גלײַכצײַטיק א פארפעסטיקונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ איז מיט דעמ פארבונדנ.

מיר מוזנ פירנ א קאמפ קעגנ די קלײנבירגערלעכע פאָרורטײלנ, קעגנ די קלײנבירגערלעכע טענדענצנ אונ דאָס קאָנ ניט זײַנ אָפּגעריסנ אונ פארבײַגײענ די אופגאבנ פונ קאמפ פאר פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור. הײסט עס, אז דער וועג צומ אָפּשטארבנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור גײט דורכ איר פארפעסטיקונג. אנדערש קאָנ ניט זײַנ.

* לענינ, ווערק, ב. XXI, ז. 435.

פאר דער פּראָלעטארישער דיקטאטור שטייענ נאָכ אופגאבנ פונ אויסשליסלעכער באדייַטונג. מיר טאָרנ אפ קיינ איינ רעגע ניט פאר־געסנ אָנ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג. אזוי לאנג ווי עס עקזיסטירט דער קאפּיטאליזמ אויסער אונדזער לאנד, אפילע דעמלט, ווענ בא אונדז וועט זייַנ א קלאסנלאָזע געזעלשאפט, וועט אונדזער לאנד, אלס די שלאָג־בריגאדע פונעמ וועלט־פּראָלעטאריאט, אונדזער סאָציאליסטישע מעלוכע, וואָס וועט פאראייניקנ די ארבעטנדיקע, גלייַכ־צייַטיק שטענדיק זייַנ לעגאבע דער דאָזיקער קאפּיטאליסטישער ארומ־רינגלונג ניט מער ווי דער גרעסטער, גרונטיקער אונ סאמע מעכטי־קער אָרגאנ פונעמ פּראָלעטאריאט; זי וועט ארויסטרעטנ לעגאבע דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, מיט וועלכער זי פירט אונ וועט פירנ א קאמפ פארנ זיג פונ דער אלוועלטלעכער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, אלס די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט.

מיט איינ וואָרט, אינ דער גראנדיעזער ארבעט פונ אויסבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט טאָרנ מיר אפ קיינ איינ מינוט ניט פארגעסנ סייַ די שוועריקייַטנ אונ געפארנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ דער אויסערלעכער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, סייַ דאָס, אז די פארווירקלעכונג פונ אָט דער אופגאבע גייט דורכ קלאסנקאמפ, דורכ ליקווידירנ די בורזשואזע קלאסנ אונ עלע־מענטנ אינווייניק אינ לאנד.

איכ האלט פאר נייטיק נאָכאמאָל צו באטאָנענ, אז פאר אונדז שטייענ אונ וועלנ נאָכ שטיינ די אופגאבנ פונ קאמפ קעגנ די בור־זשואזע אונ קלייַנבירגערלעכע פּאָרוטיילנ, די אופגאבנ איבערצומאכנ די פּסיכאָלאָגיע פונעמ קלייַנ־פּראָדוצירער.

אָבער אָט די אופגאבנ פונ איבערמאכנ די פּסיכאָלאָגיע פונעמ קלייַנ־פּראָדוצירער, — ווי לענינ שטרייַכט דאָס אונטער, — זייַנענ אופגאבנ, וואָס זייַנענ אויסגערעכנט אפ א לאנגנ טערמינ; דאָס איז א שווע־רער אונ לאנגדויערנדיקער איניע. אונ בא אייניקע כאווייריממ שאפט זיכ צומאָל אזא אייַנדרוק, אז וויבאלד א קלאסנלאָזע געזעלשאפט, וויבאלד די קלאסנ זייַנענ ליקווידירט, ווערט דערמיט גופע אראָפּגע־נומענ די פראגע וועגנ דעמ אוואנגארד; אלע וועלנ זייַנ קאָמונארנ, אלע וועלנ זייַנ אלציינס באוווסטזיניק. דאָס איז א סכעמאטישע, אב־סטראקטע פּאָרשטעלונג. אינדערעמעסנ וועט יעדער פארבלייַבנ א מענטש, וואָס האָט הינטער זייַנע פּלייצעס זייַנ אייגענע געשיכ־

טע, אונ דער אונטערשייד אינ דער דערפארונג אונ אינעמ אָנטייל אינעמ קלאסנקאמפּ אונ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג וועט האָבנ ניט קיינ קליינע באַדייטונג אויכ נאָכנ פארענדיקנ דעמ צווייטנ פינפ־יאָר. איינ זאַכ איז אַנ ארבעטער, א קוואליפיצירטער ארבעטער, וואָס איז דורכגעגאנגענ א לאנגע שול פונ רעוואָליוציע, פונ בירגערקריג, פונ דער גרויסער פּראָדוקציע; אונ אנ אנדער זאַכ איז א קאָלווירט־ניק, בא וועלכנ ס'זיינענ פארבליבנ קליינבירגערלעכע פאָרורטיילנ. די ראָליע פונעמ אוואנגארד סיי איצט סיי ווייטער, אינ דעמ נאָענט־סטנ פעריאָד, ווערט אינ קיינ שומ מאָס ניט אראָפּגענומענ, פונקט ווי ס'ווערט ניט אראָפּגענומענ די ראָליע פונ אונדזער פארטיי, אלס אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע, אלס זייער אָנפירער, דער־ציִער אונ פאָרגעשריטענער קעמפער. דאָס איז שייַכ אויכ צו דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, אלס מעלוכישע אָרגאניזאציע פונעמ פּראָלעטאריאט.

צולעצט, כאווײרימ, מוזנ מיר אינ אונדזער פּראקטיק האָבנ אינ זינענ אויכ דעמ קאמפּ פאר א נייער, געזעלשאפטלעכער דיסציפּלינ, וואָס ווערט אלצ מער א פרייוויליקע, א באוווסטזיניקע, אָבער וואָס אפ צו פארפעסטיקנ זי קומט אונדז נאָכ אויס, צוגלייַכ מיט די איבערצייַגונג-מעטאָדנ, וואָס שפּילנ אלצ א גרעסערע ראָליע, אָנצו־ווענדנ אויכ צוואנג־מעטאָדנ, וואָס דארפנ אינ דער ווייטערער פּער־ספּעקטיוו אינגאנצנ אָפּפאלנ.

מיר דארפנ האָבנ אינ זינענ אלע „געבורט-פלעקנ", וואָס וועלנ נאָכ פארבלייבנ אויכ נאָכנ פארענדיקנ דעמ צווייטנ פינפיאָר אפ דער געזעלשאפט, וואָס וועט באשאפנ ווערנ מיט די הענט פונ די ארבעטנדיקע פונעמ ראטנפארבאנד. אָט די „געבורט־פלעקנ" וועלנ געפינענ זייער אויסדרוק פריִער פאר אלצ אינ דעמ, וואָס עס וועט איבערבלייבנ דאָס „בורזשואזע רעכט" אינ פראט פונ פארטיילונג, וואָס וועגנ דעמ האָבנ גערעדט מארקס אונ לענינ. ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס אלע ארבעטנדיקע דארפנ אונ וועלנ זיינ גלייַכבארעכ־טיקטע ארבעטלייט אינ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וואָס עס וועט זיינ א געזעלשאפטלעכער אייגנטומ פונ די פּראָדוציר־מיטלענ, — וועט דער אָנטייל אינ דער פארטיילונג, דער אויסטויש, פאָרקומענ לויטנ סכוירע־עקוויוואלענט. דער אויסטויש וועט פאָרקומענ לויטנ סכומ אונ קוואליטעט פארווענדטער ארבעט, אונ

ניט לויטנ פרינציפ — „פונ יעדנ לויט זייַנע פייִקייַטנ, יעדנ לויט זייַנע באַדערפעניש ג"· אָט די אָרדענונג מיט די רעשטלעכ פונ „בור־זשואַזער רעכט", אַלס אַנ אַבסאָליוט נויטווענדיקע שטופע צומ ווייַ־טערדיקנ, צו דער העכסטער סטאַדיע פונ סאָציִאַליזמ, צומ קאָמו־ניזמ מיט זייַנ פרינציפ — „פונ יעדנ לויט זייַנע פייִקייַטנ, יעדנ לויט זייַנע באַדערפענישנ" — רעדט מיט דער פולסטער קלאָרקייַט אויכ וועגנ דער נויטווענדיקייַט פונ דער מעלוכע פונ פראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אָט דאָס זייַנענ, כאַוויירימ, די מאָמענטנ, וואָס מע דאַרפ אונ־טערשטרייַכנ אינ צוזאַמענהאַנג מיט די אויפגאַבנ אויסצובויענ א פולקומע סאָציִאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס שטייענ אַצינד אינ זייער גאַנצער גרייס פאַר אונדזער פאַרטיי.

נאַטירלעכ, אַנטשטייט פאַר אונדז אויכ א רייי אַנדערע פראַגנ. נאַטירלעכ, איצט שטעלט זיכ די פראַגע וועגנ דער נייַער עקאָנאָמי־שער פּאָליטיק אונ וועגנ איר ווייַטערדיקנ היסטאָרישנ גוירל. מיר דוכט זיכ, אַז עס קאָנ ניט זייַנ קיינ צווייפל בענעגייע דער פראַגע פונ דער נייַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק. די נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק אַלס א פּאָליטיק, וואָס איז אויסגערעכנט אַפ צולאָזנ די קאַפּיטאַליס־טישע עלעמענטנ, בייס די קאָמאַנדיר-הייכנ געפינענ זיכ אינ די הענט פונ פראָלעטאַריאַט, אונ גלייַכצייַטיק — אַפ קעמפנ קעגנ די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ, אַפ ארויסשטויסנ זיי, אַפ ליק־ווידירנ זיי אונ אַפנ ניצאָכנ פונ די סאָציִאַליסטישע עלעמענטנ, — די נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק אינ אָט דעמ זינ שעפּט זיכ פולשטענדיק אויס אינ מעשעכ פונ צווייטנ פינפיאָר. ווייַל די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ וועלנ ווערנ ליקווידירט, ווייַל אָנשטאָט דער קליינער סכוירעדיקער פויערשער ווירטשאַפט וועלנ מיר האָבנ אינ דער ערדאַרבעט א סאָציִאַליסטישע גרויס־ווירטשאַפט, אונ אַזויאַרומ וועט די גרונטיקע אויפגאַבע, וואָס לעגינ האָט אַוועק־געשטעלט פאַר דער נייַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, זייַנ געלייזט.

אָבער אויכ דאָ דאַרפ מענ וואָרענענ קעגנ קאָפּשווינדל. די מעטאָדנ פונ דער נייַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, מע קאָנ אַפילע זאָגנ, די נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק מיט א נייַעמ אינהאַלט, וועלנ עקזיס־טירנ אויכ אינ מעשעכ פונעמ צווייטנ פינפיאָר אונ א געוויסע צייַט איבער זייַנע גרענעצנ. מיר דאַרפנ ניט בלויז אייַנהיטנ, נאָר אויכ

ווי ווײַט מעגלעכ ברייטער פאנאנדערוויקלענ דעמ סכוירע־אומזאצ, דעמ סאָוועטישנ האנדל, דערבײַ איז דאָס, נאטירלעכ, לאכלוטנ ניט יענער האנדל, וועלכנ עס האָבנ זיכ פאָרגעשטעלט די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ. דאָס וועט זײַנ א ספעציפישער מארק, א סאָוועטישער מארק, ווו ס'וועט אופטרעטנ ניט דער קליינער סכוירע־פראָדוצירער, ניט דער קאפיטאליסט, נאָר ס'וועלנ אופטרעטנ באזונדערע עלעמענטנ, באזונדערע אָרגאניזאציעס אונ אָרגאנענ פונ דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט. די פארבינדונג צווישנ זיי וועט פארווירקלעכט ווערנ אינ א סכוירע־פאָרמ, אינ א מארק־פאָרמ, אָבער זי וועט זיכער האָבנ אנ אנדער פרינציפיעלנ אינהאלט. דעמ דאָזיקנ עטאפ פונ סאָוועטישנ האנדל דארפנ מיר אדורכגיינ, קעדיי אויסצושולנ אפ א סאָוועטישנ, אפ א סאָציאליסטישנ אויפנ אונדזערע אָרגאניזאציעס, קעדיי אויסצולערנענ זיי שטודירנ דעמ געברויכער, רעכענענ זיכ מיט זײַנע אינטערעסנ, מיט זײַנע באדערפענישנ, קעדיי אײַנצושטעלנ בייגעוודיקע האנדל־אָרגאניזאציעס, בייגעוודיקע פארטייל־אָרגאניזאציעס.

מיר מוזנ אויכ איבערלאָזנ דאָס געלט. עמעס, מיט געלט זײַנענ בא אונדז פארבונדנ א ריי ניט גאנצ אָנגענעמענע דערינערונגענ. אָבער, כאווײרימ, ניט וועגנ דעמ האנדלט זיכ עס. די מײַסע איז, וואָס קיינער האָט נאָכ ניט דערפונדנ אזא אינסטרומענט, וואָס קאָנ דינענ אפ צו דיסקאָנטירנ אונ אויסצומעסטנ דאָס, וואָס מע רופט אָנ ווערט (אָט די קאטעגאָריע באקומט בא אונדז אויכ אנ אנדער אינהאלט) אונ וואָס קאָנ פארבײַטנ דאָס געלט. אזא אינסטרומענט האָט מענ ניט באשאפנ. לענינ פלעגט זאָגנ, אז עס זײַנענ נייטיק גרויסע עקאָנאָמישע אונ טעכניש־אָרגאניזאציאָנעלע פאָרהאנאָכעס, קעדיי צוצוגרייטנ די פארניכטונג פונ געלט. אונ דעריבער, ווי ניט־אָנגענעמ עס איז ניט דאָס געלט, דארפנ מיר עס נאָכ האָבנ. זעלבסטפארשטענדלעכ, אז איצט האָט דאָס געלט בא אונדז, אינ דער סאָוועטישער מעלוכע, אונ וועט אויכ האָבנ אנ אנדער פרינציפיעלנ אינהאלט, ווײַל, האגאמ אינ א ספעציפישער, וויניקער פעטישיזירטער פאָרמ, וועט עס אויסדריקנ אונ באשטימענ די סאָציאליסטישע פארהעלטענישנ אינ דער פראָדוקציע, פארטיילונג, סאָוועטישנ האנדל, וואָס פאָרמירנ זיכ בא אונדז.

צופעצט, דארפנ מיר האָבנ דעמ ווירטשאפטלעכנ אויסהאלט, דאָס

פּאַרפּעקטיקן אים אין זײַן געלט-אויסדרוק, ווײַל דער ווירטואיסהאַלט, וואָס ווערט אצינד אדורכגעפירט אין אונדזערע אונטערנעמונגען, איז איינס פון די וויכטיקסטע מיטלען אינעם שאפן א פעסטע סאָציאַליסטישע ווירטשאפטלעכע דיסציפּלין און אָרדענונג.

אָט דאָס זײַנען, כאווײַרים, די עלעמענטן, וועלכע פארבלײַבן אומפארמײַדלעך אפ דער שטופע פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וואָס די אופגאבע אופצובויען זי שטייט פאר אונדז. און די דאָזיקע „געבורט-פלעקן" פון דער אלטער געזעלשאפט פארמינערן לאכלוטן ניט די גרויסע באדײַטונג פון דער גאנצער ארבעט, וואָס ווערט דורכגעפירט, און פון דער אופגאבע, וואָס אונדזער פארטיי האָט אוועקגעשטעלט.

מיר קעמפן קעגן פאריסנקײַט, און אונדזער פארטיי גלעט ניט איבערן קעפּל די, וואָס פארײַסן זיך. אָבער מיר האָבן רעכט מיט פולן שטאָלץ צו זאָגן, אז די סאמע שווערע, די סאמע קאָמפּליצירטע אופגאבע — די אופגאבע פון אריבערגיין פונעם קאפּיטאליזם צום סאָציאַליזם — האָבן מיר שוין אפ שווארץ אויסגעפילט, און דאָס באטײַט אן אומגעהייערע פארלײַכטערונג פון די וועגן און פונעם גאנג פון דער אלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע.

צום שלוס דארף איך זיך אָפּשטעלן אפ אייניקע מאָמענטן פון קולטור-געביט, וואָס מע דארף לייזן אין מעשעך פון צווייטן פינף־יאָר. די דאָזיקע מאָמענטן זײַנען ניט פארצייכנט אין די טעזיסן, אָבער זיי וועלן אָן צווייפל געפינען זייער אויסדרוק אינעם פינף-יאָר-פּלאן גופע.

אונדזער אופגאבע איז קוידעמקאָל פּארפעסטיקן און שאפן די טעכנישע גרונט־באזע — די שווערע אינדוסטריע, די מאשינ-בויונג, די עלעקטריפיקאציע.

אָבער אין דער מאָס, ווי אָט די טעכנישע באזע וועט זיך אלץ מער פאנאנדערוויקלען, אין דער מאָס וועלן אלץ א גרעסערע באַדײַטונג באקומען די פראגן פון קולטור און דערציִונג, וואָס זײַנען גאנץ אנטשיידן פארצייכנט געוואָרן אין די טעזיסן פון צק.

אין צוזאמענהאנג מיט די דאָזיקע קולטור־פראגן, דוכט מיר, דארף מען אוועקשטעלן אין איר גאנצן פארנעם איין פראגע — די פראגע וועגן אויספילן איינעם פון די וויכטיקסטע פונקטן פון אונ-

דזער פארטיי־פראָגראם: וועגנ *איינפירנ צומ סאָפ פונעמ צווייטנ פינפיאָר אלגעמיינע אָבליגאטארישע פאָליטעכנישע בילדונג ביז 17 יאָר*. די דאָזיקע אלגעמיינע פאָליטעכנישע בילדונג איז איצט איינגעפירט געוואָרנ, אָבער נאָר אינ מאסשטאב פונ 4 יאָר. בא אונדז איז פאראנ א 7־יאָריקע שול, אָבער צווישנ דער 7־יאָריקער שול, דעמ טעכניקומ אונ דער הויכשול עקזיסטירט אנ איינרייס, וואָס רופט זיכ אָפ זייער שווער אפ דער צוגרייטונג פונ קאדרעס. אָבער מיר האָבנ איצט אלע מעגלעכקייטנ אונ פאָרהאנאָכעס אפ אָנצוהייבנ ליקווידירנ אָט דעמ איינרייס, אפ אָנצוהייבנ פונעמ נאָענטסטנ יאָר פונ צווייטנ פינפיאָר ביסלעכוויַיז צו בויענ אָט די נייע פאָליטעכנישע שול, וואָס זאָל ארומנעמענ די קינדער אינ עלטער ביז 17 יאָר.

די צווייטע פראגע איז וועגנ דער מאטעריעלער באזע פונ אונדזער קולטור־רעוואָליוציע, וואָס שטעלט אינ א געוויסנ זינ פאָר דאָס טעגלעכע ברויט פונ דער קולטור־רעוואָליוציע — די פראגע וועגנ פאפיר. איכ מיינ, אז אלע וועלנ מיט מיר מאסקימ זיינ, אז אינ דער הינזיכט גייענ מיר מיט אויסערגעוויינלעכ־פאמעלעכע טעמפנ. די דאָזיקע טעמפנ מוז מענ פארגיכערנ אינ מעשעכ פונעמ צווייטנ פינפיאָר. לאָמיר האָפנ, אז אינ פלאנ פונעמ צווייטנ פינפיאָר וועט פארשריבנ ווערנ 2 מיליאָנ טאָנ קולטור־סאָרטנ פאפיר, אָנשטאָט די 400 טויזנט טאָנ, וואָס מיר האָבנ איצט, ווייל אָנ דעמ וועט די ארבעט פונ דער קולטור־רעוואָליוציע ניט גיינ.

די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ די גרעסטע דערפאָלגנ אדאנק דער ריכטיקער לענינשער ליניע, אדאנק דעמ אָנראכמאָנעסדיקנ אונ אומטאָלעראנטנ קאמפ קעגנ די אָפנייגנ פונ דער דאָזיקער ליניע, אונ קוידעמקאָל קעגנ דעמ רעכטנ אָפנייג, וואָס איז די הויפט־געפאר אפנ געגעבענעמ עטאפ, — אדאנק אָט דעמ קאמפ ניט בלויז אפנ געביט פונ פאָליטיק, נאָר אויכ אפנ געביט פונ טעאָריע, ווו ס'האָבנ געהאט אונ האָבנ די גרעסטע באדייטונג *דעמ כ' סטאלינס אָנפירונג אונ אָנווייזונגענ*. די דאָזיקע אָנווייזונגענ סיי אפנ טעאָרעטישנ פראָנט סיי אפנ ווירטשאפטלעכנ פראָנט האָבנ געשפילט די קאָלאָסאלסטע ראָליע. דערמאָנט זיכ דאָס פאָריקע יאָר. מיר זיינענ אינ דעמ נייעמ יאָר, אינ לעצטנ יאָר פונ פינפיאָר ארייַנגעטראָטנ *א סאכ מער אָרגאניזירט, מער באהעפט, פעסטער*,

איידער אינ פּאָריקנ יאָר. לאָמיר נעמענ דאָנבאס אונ די אנדערע גרויסע אונטערנעמונגענ. מיט וואָס דערקלערנ זיכ די קאָלאָסאלע דערפאָלגנ אינ אונדזערע אונטערנעמונגענ? זיי דערקלערנ זיכ מיט דעמ, וואָס מיר בויענ איבער, האָבנ אָנגעהויבנ איבערצו־בויענ די ארבעט אינ אָט די אונטערנעמונגענ אפנ גרונט פונ כ׳ סטאלינס זעקס אָנווייזונגענ. אינעמ פארווירקלעכנ אינ לעבנ אָט די כ׳ סטאלינס אָנווייזונגענ שטעקט די גאראנטיע פונ אונדזערע דערפאָלגנ.

מיר צווייפלענ ניט, אז אפנ גרונט פונ די דאָזיקע אָנווייזונגענ, אז אפנ באָדנ פונ אָרגאניזירנ אונדזער ארבעט אפ א נייעמ שטייגער, וועלנ מיר אימשטאנד זיינ ניט נאָר מיט דערפאָלג אויסצופילנ דעמ פלאנ פונ 1932 יאָר, נאָר אויכ זיגרייכ צו פארענדיקנ דעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר (אפ לאָ ד י ס מ ע נ ט נ).

# די פּראָלעטארישע דיקטאטור און די עקאָנאָמישע טעאָריע*

אפ אונדזערע פארזאמלונגען, וואָס זײַנען געווידמעט מארקסן, ווערט אָפּגעגעבן גרויס אופמערקזאמקײַט זײַן לערע וועגן דער פּראָלעטארישער דיקטאטור. דאָס איז פולשטענדיק ריכטיק, ווײַל מארקס לערע וועגן דער פּראָלעטארישער דיקטאטור איז דער קערן פונעם מארקסיזם. לויט דער דאָזיקער ליניע גייט טאקע דורך די גרונטיקע שייד־ליניע מיט מארקס פאלסיפיקאטערס, די סאָציאַל־דעמאָקראטן, וואָס, פאראטנדיק מארקסן און דעם מארקסיזם אפ שריט און טריט, פרווון זיי זיך גלייכצײַטיק מאסקירן מיט מארקס נאָמען. אין צוזאמענהאנג דערמיט קומט אויס נאָכאמאָל און ווידעראמאָל צו דערמאָנען לענינס ווערטער מיקויעך דעם, אז „א מארקסיסט איז בלויז דער, וואָס פארשפרייט די אנערקענונג פונעם קלאסנקאמף ביז צום אנערקענען די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט".**

עס איז קעדײַ צו דערמאָנען זיך, אז אויך בא אונדז אינווייניק אין דער פארטיי איז דער קאמף קעגן אָפּאָרטוניזם געגאנגען לויט די גרונט־פראגן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור. גענוג צו דערמאָנען, אשטייגער, זינאָוויעווס ביכער, ווו ער פלעגט טײַנען, אז די פּראָלעטארישע דיקטאטור איז ניט דאָס סאמע וויכטיקע אינעם לעניניזם. גענוג צו דערמאָנען דעם קאמף קעגן טראָצקיזם, — דער דאָזיקער קאמף איז אויך געגאנגען לויט די גרונטיקע פראגן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור; לויט די זעלבע גרונטיקע פראגן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור האָט זיך אויך געפירט דער קאמף קעגן רעכטן אָפּנייג.

גראָד אָט דאָ, אין די פראגן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, זעען מיר א בולטן אויסדרוק פון דער וויכטיקסטער זײַט

* „פּראווּדא", נומ. 87, פון 29־טן מארט 1933.

** לענין, ווערק, ב. XXI, ז. 392.

פונעמ מארקסיזמ — פונ דעמ, וואָס אינ אימ הערשט איינהייט צווישנ דער טעאָריע אונ פראקטיק. אינ דער לערע וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור ווייזט זיכ אמערסטנ דײַטלעכ ארויס אויכ א צווייטע זײַט פונעמ מארקסיזמ: דאָס, וואָס דער מארקסיזמ איז אנ אָנווײַזונג צו טאט. אונ אינדערעמעסנ, די לערע וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס איז די גרעסטע טעאָרעטישע פאראלגעמיינערונג פונ דער דערפארונג פונעמ גאנצנ ביז איצטיקנ קלאסנקאמפ, פונעמ דערלערנענ די אנטוויקלונג פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, האָט זיכ איצינד פארוואנדלט אינ בלוט אונ פלייש, איז געוואָרנ א געצײַג אפ איבערצומאכנ די געזעלשאפט, א געצײַג אפ איבערצואנדערשנ די וועלט.

די לערע וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור האָט א באדײַטונג פאר אלע געביטנ פונ אונדזערע געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטנ. מיר דארפנ אינ אלע אונדזערע געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטנ ארויסגיינ פונ דער דאָזיקער לערע. אָט די לערע האָט א שײַכעס ניט בלויז צומ געביט פונ דער טעאָריע פונ מעלוכע אונ רעכט, זי האָט א שײַכעס אויכ צו דער טעאָריע פונ היסטאָרישנ מאטעריאליזמ, זי האָט א שײַכעס אויכ צומ געביט פונ פאָליטישער עקאָנאָמיע.

אונ מע מוז זאָגנ, אז אפנ געביט פונ פאָליטישער עקאָנאָמיע האָבנ נאָכ די פראגנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור ניט באקומענ קיינ געהעריקע באלויכטונג. פארקערט, בא אונדז איז געווענ א גאנצע ריי טעאָריעס, וואָס זײַנענ איצט דעמאסקירט אונ אָפּגעוואָרפנ אונ וואָס האָבנ גראָד געהאלטנ א „פײַנעמ טאָנ" פארבײַצוגיינ אָט די גרונטיקע פראגע - דער פראגע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור — באמ אנאליזירנ די סאָוועטישע עקאָנאָמיק. דערמאָנט זיכ די טעאָריע פונעמ טראָציקסט פרעאָבראזשענסקי, וואָס הייבט גלײַכ אָנ פונ דער באהויפּטונג, אז באמ באטראכטנ די סאָוועטישע עקאָנאָמיק מוז מענ זיכ א ב ס ט ר א ה י ר נ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור. דערמאָנט זיכ בוכארינס טעאָריע, זײַנ אזויגערופענעמ „געזעצ פונ ארבעטס-פארוועגדונגענ", זײַנ מעכאנישנ געזעצ פונ פראָפּאָרציאָנעלקייט אונ גלײַכגעוויכט פונ דיווירטשאפט־צווײַגנ. סאָפּקאָלכאָפּ גייט אויכ אָט די טעאָריע ארויס פונ דעמ, אז די סאָוועטישע עקאָנאָמיק קענענ מיר באטראכטנ ווי א געוויסנ זעלבשטענדיקנ געביט, אז מע קאָנ דאָ פארבײַגיינ די פראָלעטארישע דיקטאטור, אז דאָ, אינ דער

סאָוועטישער עקאָנאָמיק, ווירקנ עפּעס אויסערלעכע אָביעקטיווע געזעצנ.

ווענ מע זאָל באטראכטנ די פאָרמעלע זײַט פונ אָט די טעאָריעס, זײַנענ זיי געבויט אפנ סאמע אומדערלאָזבארנ מיסברויכנ מיט אנאלאָגיע. וואָס איז אזוינס סאָפקאָלסאָז פּרעאָבראזשענסקיס ביכל „די נײַע עקאָנאָמיק"? דאָס איז א סקאנדאליעזער פּרווו אָנצוווענדנ צו דער עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג-פּעריאָד פונ קאפּיטאליזמ צומ סאָציאליזמ דאָס, וואָס מארקס האָט געזאָגט וועגנ דעמ איבערגאנג-פּעריאָד פונ פעאָדאליזמ צו קאפּיטאליזמ, — א פּרווו צו באטראכטנ די סאָציאליסטישע אָנזאמלונג לויט אנ אנאלאָגיע מיט דער אָנפאנגלעכער אָנזאמלונג פונ קאפּיטאל.

בוכארינס טעאָריע, — וואָס דער געזעצ זײַנער איז, אינ טאָכ גענומענ, ביז גאָר א מאָגערע אבסטראקציע, א מינ אלגעמיינער געזעצ, וואָס איז קלוימערשט גילטיק סײַ פארנ קאפּיטאליזמ סײַ פארנ סאָציאליזמ אונ סײַ פאר אונדזערע געזעלשאפטלעכע פאָרמאציעס, — שטעלט מיט זיכ פאָר די סאמע העסלעבסטע אָפּגרעפּצעניש פונ דער בורזשואזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. מארקס האָט דאָכ גערעדט קידרעזקאָל וועגנ דעמ באוועגונג-געזעצ פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, ער פלעגט דאָכ שטענדיק באטאָנענ די אייגנארטיקײַט פונ יעדער עקאָנאָמישער פאָרמאציע. מארקס פלעגט שטענדיק אונטערשטרײַכנ, אז יעדע פאָרמאציע האָט אירע געזעצנ, אירע באזונדערע באוועגונג-פאָרמענ. בא בוכארינענ אָבער זעענ מיר א פּאָשעטע מעכאנישע ארײַבערטראָגונג: אזויווי דאָרטנ, אינ דער קאפּיטאליסטישער עקאָנאָמיק, זײַנענ פאראנ באשטימטע אָביעקטיווע געזעצנ, הייסט עס, אז אזוינע אָביעקטיווע געזעצנ ווערנ פּאָסטולירט אויכ פאר דער איבערגאנג-עקאָנאָמיק.

אינ די דאָזיקע טעאָריעס האָבנ מיר אנ אויסדרוק פונ באשטימטע בורזשואזע ווירקונגענ אפ אונדזער טעאָרעטישנ פראָנט, וואָס האָבנ באקומענ אויכ אנ אנטשפּרעכיקנ פּאָליטישנ אויסדרוק: פונ איינ זײַט, אינ דער פּאָליטיק פונ עקספּלואטירנ דאָס פויערטומ, וואָס די טראָצקיסטנ האָבנ ארויסגערוקט; פונ דער צווייטער זײַט, אינ דער רעכט-אָפּנייגלערישער פּאָליטיק פונ גלײַכנ זיכ לויט די שמאָלע ערטער, אָפּזאָגנ זיכ פונ אינדוסטריאליזאציע, פונ ריכטנ זיכ לויט דער אָפּגעשטאנענער פויערשער ווירטשאפט.

קימאט מיט דער זעלבער שפראכ האָט גערעדט וועגנ די געזעצנ פונ דער איבערגאנג־עקאָנאָמיק די מאכנע אָפענע בורזשואזע עקאָ־נאָמיסטנ קאָנטררעוואָליוציאָנערנ פונעמ טיפ גראָמאנ אונ יוראָווסקי. זיי האָבנ דאָכ אויכ פונקט אזוי געטײַנעט, אז אונדזער פלאנ איז בלויז א פראָגנאָז, אז מיר קאָנענ בלויז דיסקאָנטירנ די אָביעקטיווע טענדענצנ, וואָס ווירקנ שוינ אינ אונדזער עקאָנאָמיק, אונ אז מיר מוזנ זיכ צופאסנ צו אָט די אָביעקטיווע טענדענצנ. דער קלאסנ־זינ פונ אָט די טעאָריעס באשטייט אזויארומ דערינ, אז מיר מוזנ זיכ צופאסנ צו דער קליינבירגערלעכער סטיכיי, אָנשטאָט דעמ, מע זאָל די דאָזיקע קליינבירגערלעכע סטיכיי אונטעראָרדענענ, אָנשטאָט דעמ, מע זאָל מיט איר קעמפנ, אָנשטאָט דעמ, מע זאָל זי איבערמאכנ, פירנדיק אונדזער ווירטשאפט פאָרויס צומ סאָציאליזמ.

עס וואָלט זיכ געקאָנט דוכטנ, אז עס לוינט גאָרניט צו דערמאָנענ אונ צו ריידנ וועגנ אָט די טעאָריעס. נאָר צומ באדויערנ קומט אויס וועגנ דעמ יאָ צו ריידנ, ווײַל כאָטש אינ אָט דער אָפענער פאָרמ זײַנענ די אלע טעאָריעס בא הײַנטיקנ טאָג צעגראָמירט אונ האָבנ ניט קיינ שומ פאָפולערקײַט, אָבער אייניקע רעשטלעכ זייערע טרעפט מענ נאָכ אָנ אפ אונדזער טעאָרעטישנ פראָנט.

ביזנ הײַנטיקנ טאָג זײַנענ נאָכ בא אונדז אינ טעאָרעטישע אר־בעטנ, אינ ארטיקלענ, אינ אונדזערע עקאָנאָמישע לערנביכער פאראנ פרווונ פארבײַצוגיינ באמ באהאנדלענ די עקאָנאָמיק פונעמ איבער־גאנג־פעריאָד די גרונט־פראגע — די פראגע פונ דער פראָלעטא־רישער דיקטאטור, פונקט ווי אָט די פראגע וואָלט האָבנ א שײַכעס בלויז צו דער טעאָריע פונ דער סאָוועטישער מעלוכע אונ רעכט.

ביזנ הײַנטיקנ טאָג דויערנ נאָכ בא אונדזערע עקאָנאָמיסטנ די שטרײַטנ מיקויעכ די באוועגונגס־געזעצנ פונ דער סאָוועטישער עקאָ־נאָמיק, אונ דערבײַ פאָדערנ אייניקע כאווערימ, באזונדערס אזוינע, וואָס זײַנענ נאָכ רוי אונ האָבנ נאָכ ניט גענוג דערלערנט דעמ מארק־סיזמ, אז מע זאָל זיי אומבאדינגט געבנ עפעס אנ אָביעקטיוונ בא־וועגונגס־געזעצ, א געזעצ, וואָס שטייט איבער אונדז, פונקט אזא, ווי עס איז פאראנ באמ קאפיטאליזמ. עס דערגייט אזוי ווײַט, אז אפ באזונדערע סעמינארנ שטעלט מענ אזוינע פראגנ: „באווײַזט אונדז, ווו איז עס, דאָס קעמערל פונ דער סאָוועטישער ווירט־

שאפט?״ — מע זוכט אנ אנאלאָגיע מיטנ קאפיטאליזמ, ווו אזא קעמערל איז, ווי באוווסט, די סכוירע.

אינ זייער באהאנדלענ די פראגנ פונ דער עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג-פעריאָד באגרענעצנ זיכ אָפט אונדזערע טעאָרעטיקער מיט דעמ, וואָס זיי דערקלערנ, אז נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט די פראָלעטארישע דיקטאטור נאציאָנאליזירט די ערד, נאציאָנאליזירט די אינדוסטריע, דעמ טראנספּאָרט אאוו., אונ ווייטער דערמאָנענ זיי וועגנ איר ניט, אָדער דערמאָנענ וועגנ איר בלויז אינ דער פאָרמ פונ אנ אייגנשאפט־וואָרט צומ פלאנ: דער פלאנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, די פּאָליטיק פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור.

דאָס איז אבסאָליוט פאלש. אזא פארבייגיינ די פראגע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור באמ באהאנדלענ אונ דערלערנענ די עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג-פעריאָד ווידערשפּרעכט דעמ מארקסיזמ. מיר דארפנ אינ אונדזערע אויספאָרשונגענ אָנווענדנ דעמ דיאלעקטישנ מעטאָד, אונ די גרונט-פאָדערונגענ פונעמ דיאלעקטישנ מעטאָד באשטייט אינ דעמ, אז מיר זאָלנ פריִער פאר אלצ דיסקאָנטירנ, זאָרגעוודיק שטודירנ די אייגנארטיקייט פונ יעדער אנטוויקלונג־שטופע, אונ ניט פּאַשעט צופּאסנ אונ צוליינ פארטיקע שאבלאָנענ אונ גרייטע מאָסנ. עס איז ניטאָ קיינ זאכ, וואָס זאָל זיינ מער פייַנטלעכ דעמ גייסט פונ מארקסיזמ, ווי דאָס אָנווענדנ פארטיקע מאָסנ אונ שאבלאָנענ.

אויב מיר ריידנ וועגנ דער אייגנארטיקייט פונ דער עקאָנאָמישער אָרדענונג, וואָס איז אנטשטאנענ אינ רעזולטאט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, איז דער ערשטער גרונטיקער מאָמענט, וואָס אונטערשיידט אָט די עקאָנאָמישע אָרדענונג פונ דעמ אלעמ, וואָס איז פריִער געווענ, — די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, וועלכע שטעלט פאָר ניט בלויז א גרויסנ פּאָליטישנ קויעכ, נאָר וואָס איז אויכ א קאָלאָסאלע עקאָנאָמישע קראפט. אונ ס׳איז זעלבסטפארשטענדלעכ, אז איגנאָרירנ אָט דעמ פאקט, פרוווּנ אימ פארבייגיינ הייסט אויווער זייַנ אפּ איינער פונ די גרונט-פאָדערונגענ פונעמ דיאלעקטישנ מעטאָד.

* * *

אינ אונדזער לאנד עקזיסטירט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, וואָס קאָנצענטרירט אינ אירע הענט די גרונט-צווייגנ פונ דער ווירט-

שאפט, וואָס האָט נאציאָנאליזירט די ערד, וואָס האָט קאָנצענטרירט אינ אירע הענט די אינדוסטריע, דעם טראנספּאָרט, די בענק, וואָס פארמאָגט מעכטיקע הייבערס אופצווירקנ אפ אלע זייטנ פונעם עקאָנאָמישנ לעבנ, וואָס נעמט אריינ אינ זיכ אלצ נייע אונ נייע ווירטשאפט-צווייגנ. דער דאָזיקער פאקט האָט אנ אומגעהייערע, אנטשיידנדיקע באדייטונג פאר אונדזער עקאָנאָמיק. אונ מיר קענענ קיינמאָל ניט ריכטיק דערקלערנ די טעאָריע פונ דער עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנגפעריאָד, אויב מיר וועלנ ניט קוידעמקאָל ארויסגיינ פונ אָט דעם פאקט אונ אימ אנאליזירנ.

אויב מיר וועלנ זיכ ווענדנ צו דער לערע פונ די גרונטלייגער פונעם וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ, וועלנ מיר זענ, אז זיי שטרייכנ קעסיידער אונטער אָט די ראָליע פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

נעמט דאָס פאָלגנדיקע אָרט פונעם „קאָמוניסטישנ מאניפעסט“:

„דער פּראָלעטאריאט נוצט אויס זיינ פּאָליטישע הערשאפט, כדי שריט נאָכ שריט ארויסצורייסנ בא דער בורזשואזיע דעמ גאנצנ קאפּיטאל, צענטראליזירנ די גאנצע פּראָדוציר-געצייג אינ די הענט פונ דער מעלוכע, ד. ה. פונעם פּראָלעטאריאט, וואָס איז אָרגאניזירט אלס הערשנדיקער קלאס, אונ כדי ווי ווייט מעגלעכ גיכער פארגרעסערנ דעמ סכומ פּראָדוקטיווע קרעפטנ.

דאָס קאָנ, נאטירלעכ, אינ אָנהייב פּאָרקומענ נאָר דורכנ דעספּאָטישנ אריינרייסנ זיכ אינעמ אייגנטומ-רעכט אונ אינ די בורזשואזע פּראָדוציר-פארהעלטעניש ד. ה. דורכ מאָסמיטלענ, וואָס עקאָנאָמיש דוכטנ זיי זיכ אויס ניט-גענוגע אונ ניט ראיעל, אָבער וואָס אינעמ גאנג פונ דער באוועגונג וואקסנ זיי זיכ אליינ אריבער אונ זיינענ אומפארמיידלעכ אלס מיטל פאר דער איבערקערעניש אינעמ גאנצנ פּראָדוציר-אויפנ“. *

נעמט מארקס נאָטיצנ וועגנ באקונינס בוכ „מעלוכישקייט אונ אנארכיע“, נאָטיצנ, אינ וועלכע מארקס רעדט וועגנ דער היסטאָרישער מיסיע פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור:

„דאָס באטייט, אז ווי לאנג עס עקזיסטירנ נאָכ אנדערע קלאסנ, באזונדערס דער קאפּיטאליסטישער קלאס, ווי לאנג דער פּראָלעטאריאט קעמפט קעגנ אימ (וואָרעמ מיטנ קומענ זיינעמ צו דער מאכט פארשווינדנ נאָכ ניט זיינע סאָנימ, פארשווינדט נאָכ ניט די אלטע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג), מוז ער אָנווענדנ צוואנגמיטלענ, ווייל צוואנג איז א מיטל פונ פארוואלטונג; אויב ער אליינ פארבלייבט נאָכ א קלאס אונ אויב עס זיינענ נאָכ ניט פארשווונדנ די עקאָנאָמישע באדינגונגענ, אפ וועלכע עס האלט זיכ דער קלאסנקאמפ, ד. ה. די עקזיסטענצ פונ

* מארקס אונ ענגעלס. מאניפעסט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, מארקס-ענגעלס — לענינ-אינסט. פארטיי-פארלאג 1933, ז. 36.

קלאסנ, — מוזנ זײ אפ א צוואנג־אויפנ באזײַטיקט און איבערגעאנדערשט ווערנ, מוז דער פראָצעס פונ איבעראנדערשנ זײ אפ א צוואנג־אויפנ פארגיכערט ווערנ״. *

נעמט לענינס ארבעטנ, ווו ער שטרײַכט שטענדיק אונטער די ראָליע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור ווי א געצײַג אפ איבערצואנדערשנ די עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ. בא לענינענ גײט דאָס אדורכ ווי א רויטער פאָדעמ דורכ אלע זײַנע ווערק.

נעמט כ׳ סטאלינס ארבעטנ, זײַנ לערע וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס איז די פאָרזעצונג פונ מארקס, ענגעלס און לענינס לערע, און ווו אלס אײנע פונ די וויכטיקסטע זײַטנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור שטרײַכט ער אונטער איר ראָליע פונ א בויער פונעמ סאָציאליזמ, פונ א געצײַג אפ איבערצואנדערשנ די עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ.

נעמט, צולעצט, אונדזער פראקטישע ארבעט, די ארבעט פונ אונדזער גאנצער פארטײ. מיר אפעלירנ שטענדיק, בא אלערלײ אונדזערע עקאָנאָמישע מאָסמיטלענ, פריִער פאר אלצ צו דער פראָלעטארישער דיקטאטור, ווײַל דורכ איר פירט די פארטײ דורכ די איבערבויונג פונ די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע באדינגונגענ.

מע דארפ אויכ האָבנ אינ זינענ אָט וואָס. אינ זײַנע ארבעטנ באטאָנט מארקס, אז „די גרעסטע פראָדוקטיווע קראפט איז דער רעוואָליוציאָנערער קלאס אלײנ״. ** און אָט די סאמע באדײַטנדיקע פראָדוקטיווע קראפט איז איצט פארוואנדלט געוואָרנ אינ דעמ הערשנדיקנ קלאס. זי פארווירקלעכט אצינד איר דיקטאטור. אינ צוזאמענהאנג דערמיט שאפט זיכ אצינד גאָר אנ אנדערע צווישנפארהעלטעניש צווישנ די פראָדוציר־קרעפטנ און די פראָדוציר־פארהעלטענישנ. דער ארבעטער־קלאס, וואָס שטעלט פאָר די באדײַטנדיקסטע פראָדוציר־קראפט, נאָכ דעמ, ווי ער האָט דעראָבערט די מאכט און געשאפנ זײַנ דיקטאטור, פירט אלײנ אָנ מיט אונדזער לאנד, פירט אָנ מיט אונדזער ווירטשאפט, מאכט אלײנ איבער די עקאָנאָמישע באדינגונגענ, באשאפט אלײנ די מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס פארנ ווײַטערדיקנ פארפעסטיקנ זײַנ הערשאפט, פאר דער ווײַטערדיקער באוועגונג צומ סאָציאליזמ, צומ אויפבויענ די אָנקלאסנדיקע

* „די יאָרביכער פונ מארקסיזמ״ II, ז. 93, קורסיוו מײַנער, א. ס.

** ק. מארקס און פ. ענגעלס, געז. ווערק, ב. V, ז. 415.

געזעלשאפט. אונ ווענ מע רעדט וועגנ די „באוועגונגס-געזעצנ“, וועגנ קוואל פונ דער באוועגונג, וועגנ יעסאָד פונ דער באוועגונג פונ אונדזער גאנצער עקאָנאָמיק, טאָ איז דענ ניט קלאָר, אז מיר מוזנ זיכ ווענדנ גראָד צו דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס שטעלט פאָר מיט זיכ די אָרגאניזאציע פונעמ פּראָלעטאריאט אלס א הערשנדיקער קלאס, וואָס איז צוגלייַכ דערמיט די גרונטיקע פּראָדוציר־קראפט.

קעדיי צו פארשטייג די באזונדערקייַטנ פונ אונדזער עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג-פּעריאָד, מוז מענ אינ אכט נעמענ אויכ דאָס, אז שוינ איצט מאכנ מיר דורכ דעמ אריבערגאנג פונעמ קיניגרייַכ פונ נויטווענדיקייַט אינעמ קיניגרייַכ פונ פרייַהייַט. ריידנ דעריבער וועגנ אזוינע מינ באוועגונגס-געזעצנ, וואָס זייַנענ אייגנ דעמ קאפּיטאליזמ, וואָס הערשנ איבער די מענטשנ אונ וואָס די מענטשנ ווארפנ זיכ זיי בלינד אונטער, קאָנענ מיר ניט בא איצטיקער צייַט. אונ דאָס זאָגט דערפאר, אז אָט די אלע רייד וועגנ עפּעס אנ אָביעקטיוונ באוועגונגס-געזעצ, וואָס ליגט אויסער אונדז, וואָס ווירקט אינ אונדזער סאָוועטישער עקאָנאָמיק, זייַנענ נאָכאמאָל אונ ווידעראמאָל ניט רעכטמעסיק, אונ אז מיר מוזנ מאכנ א סאָפ צו זיי.

* * *

מיר דארפנ, אָנשטאָט אָנצוווענדנ אנאלאָגיעס מיט דער אלטער עקאָנאָמישער סיסטעמ, א סאכ מערער דיסקאָנטירנ די ווירקלעכע אייגנארטיקייַט, די ווירקלעכע כאראקטעריסטישע באזונדערקייַטנ פונ אונדזער סאָוועטישער עקאָנאָמיק — דער עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג־פּעריאָד.

גראָד טאקע דאָ, אינ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס ארבעט לויט א פּלאנ, וואָס פירט אָנ מיט דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, וואָס פירט די געזעלשאפט צומ סאָציאליזמ, גראָד דאָ טאקע ליגט דער אונטערשייד צווישנ אונדזער עקאָנאָמיק אונ דער פריערדיקער עפּאָכע, דער עפּאָכע פונ קאפּיטאליזמ, אונ אויכ פונ אלע ווייַטערדיקע עפּאָכעס.

אונדז אונטערשיידט פונ דער עפּאָכע פונ קאפּיטאליזמ דאָס, וואָס אלע גרונטיקע פּראָדוציר־מיטלענ זייַנענ קאָנצענטרירט אינ די הענט פונעמ פּראָלעטאריאט, אינ די הענט פונ דער פּראָלעטארישער

דיקטאטור, וואָס אפּנ אָרט פונ דער קאפּיטאליסטישער אנארכיע שטעלנ מיר אוועק דעמ פּלאנ פונ סאָציאַליסטישער טעטיקײט אונ סאָציאַליסטישער בויונג.

אָבער דאָס ווערט, דוכט מיר, ניט גענוג דיסקאָנטירט מיצאד יענע כאווײרימ, וואָס, צומ בײַשפּיל, אלס ענטפער אפּ דער פראגע: „אונ וואָס זײַנענ אזוינס די באוועגונגס־געזעצנ פונ דער סאָוועטישער עקאָנאָמיק?“ — זאָגנ זײ, אז דער פּלאנ — דאָס איז דער באוועגונגס־געזעצ פונ דער סאָוועטישער עקאָנאָמיק, אָדער מיצאד די, וואָס זאָגנ, אז די פארברײטערטע סאָציאַליסטישע רעפּראָדוקציע — דאָס איז דער אנטוויקלונגס־געזעצ פונ אונדזער עקאָנאָמיק.

אָבער באמ פאנאנדערגעוויקלטנ סאָציאַליזמ, באמ קאָמוניזמ, וועט דאָכ בא אונדז אויכ פּונקט אזוי ווירקנ דער פּלאנ, וועט דאָכ אויכ פּונקט אזוי פאָרקומענ א פארברײטערטע רעפּראָדוקציע פונ די סאָציאַליסטישע פארהעלטעניש. אינ וואָס־זשע איז דאָ דער אונטערשייד? אינ וואָס איז די באזונדערקײט פונ אזא מינ אייגנארטיקער זאכ, ווי די עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג־פּעריאָד? ווו־זשע איז דאָ די אייגנארטיקײט? דאָס איז איינ פראגע אָט די כאווײרימ. אונ די צווייטע פראגע באשטייט אָט אינ וואָס: אויב שוינ יאָ פאָרמולירנ די באזונדערקײטנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק אונ ריידנ וועגנ עפּעס א באוועגונגס־געזעצ, דעמלט מוזנ אינ אָט דעמ באוועגונגס־געזעצ זײַנ אָפּגעשפּיגלט אלע ווידערשפּרוכנ פונ אונדזער עקאָנאָמיק. אונ ס'איז דאָכ גוט באקאנט, אז אונדז קומט אויס צו פארווירקלעכנ אונדזער סאָציאַליסטישע בויונג אונ אונדזער פּלאנ אינ פארביטערטסטנ קאמפּ קעגנ די איבערבלײַבעכצנ אונ קרעפטנ פונעמ אלטנ, אז אונדזער ווירטשאפט איז אבסאָליוט ניט איינארטיק אפילע בא איצטיקער צײַט, ווײַל מיר האָבנ פארשיידענע ווירטשאפט־טיפּנ אינ אונדזער לאנד. לעניג האָט אָנגעוויזנ, אז בא אונדז איז פאראנ א פּאטריארכאלע ווירטשאפט, אנ איינפאכע סכוירעדיקע ווירטשאפט, א פּריוואט־קאפּיטאליסטישע, מעלוכישער קאפּיטאליזמ אונ סאָציאַליזמ. איצט האָט זיכ די צווישנפארהעלטעניש פונ אָט די ווירטשאפט־טיפּנ שארפ געענדערט. פריער האָט פּרעוואלירט די קליינע סכוירעדיקע ווירטשאפט. איצט פּרעוואלירט אינ אונדזער עקאָנאָמיק דער סאָציאַליסטישער סעקטער. מיר ליקווידירנ די באלעגופישע ווירטשאפטנ. צוויי דריטל פונ די קליינ־סכוירעדיקע פויערשע ווירטשאפטנ זײַנענ

קאָלעקטיוויזירט אונ זײַנענ איצט א באשטאנדטייל פֿונ סאָציאַליס־
טישנ סעקטער. פֿונדעסטוועגנ דויערט אָבער נאָכ ווײַטער דער קאמפּ
קעגנ די רעשטלעכ אונ איבערבלײַבענישנ פֿונ דער פֿריערדיקער
עקאָנאָמיק.

וואָסער אָפּשפּיגלונג געפֿינט דאָס אלס אינעם פּלאנ? אייניקע כאוויירימ פּרוּווּנ זיכ ארויסגיינ פֿונ דעמ ווידערשפּרוכ, אינ וועלכנ זיי זײַנענ ארײַנגעפֿאלנ, מיט דעמ, וואָס זיי פּרוּווּנ זיכ פֿארברייטערנ דעמ פּלאנ, אזוי צו זאָגנ, ביז גרענעצלאָזיקײַט. זיי שליסנ אײַנ אינ פּלאנ די עקאָנאָמישע פּאָליטיק, די רעגולירונג, זיי שליסנ אײַנ אינ פּלאנ שיר ניט די אדמיניסטראטיווע מאָסמיטלענ אאוו., אזוי אז דער באגריפֿ גופֿע פֿונ פּלאנ ווערט אָנ זײַנ זינ. אָבער די אלע זאכנ זײַנענ ניט איינארטיק: עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז עקאָנאָמישע פּאָליטיק, רעגולירונג איז רעגולירונג, קאָנקורענצ איז קאָנקורענצ, אונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור קומט אויס צו ווירקנ מיטנ גאנצנ סכומ הייבערס. אונדז קומט אויס דורכצופֿירנ די פּאָליטיק פֿונ ליקווידירנ דאָס באלעגופּנטומ, אונדז קומט אויס צוגעבנ די קאפּיטאליסטישע הענדלער אָנווענדנ אי מעטאָדנ פֿונ קאָנקורענצ אי מעטאָדנ פֿונ ארויסשטויסונג אי מעטאָדנ פֿונ באגרענעצונג, אָנווענדנ ניט בלויז עקאָנאָמישע מאָסמיטלענ אליינ, נאָר דעמ גאנצנ סכומ מאָסמיטלענ, וואָס לאָזנ זיכ בעשומויפֿנ ניט ארײַנרוקנ בלויז אינ איינ פּלאנ.

פֿונ דער צווייטער זײַט, מוז מענ נעמענ אינ אכט אויכ דעמ פֿאקט, אז איינ זאכ איז דער פּלאנ, וואָס מיר גיבנ דער סאָציאַליסטישער אונטערנעמונג, אונ א צווייטע זאכ — ווענ מיר ריידנ וועגנ דער אויפֿגאבע צו ליקווידירנ דאָס באלעגופּנטומ אלס א קלאס אונ ווענ מיר ליקווידירנ טאקע דאָס דאָזיקע באלעגופּנטומ אלס א קלאס. ווענ אונדזערער א דירעקטער פֿונ אנ אונטערנעמונג באקומט דעמ ווירטשאפֿטלעכנ פּלאנ, נעמט ער אימ אָנ צומ אויספֿירנ. אָבער ווענ מיר ריידנ וועגנ ליקווידירנ דאָס באלעגופּנטומ אלס א קלאס, האנדלענ מיר אנדערש. מיר גיבנ ניט פּאָשעט א פּלאנ דער באלעגופּישער ווירטשאפֿט אונ זאָגנ: זײַ אזוי גוט אונ ליקווידיר זיכ, פֿיל אויס אינ דעמ פּראט אונדזער סאָציאַליסטישנ פּלאנ אונ גיי אראָפּ פֿונ סצענע. די ליקווידירונג פֿונעמ באלעגופּנטומ אלס א קלאס קומט פֿאָר אינ פֿארביטערטנ קאמפּ, אונ דאָס געצײַג פֿונ אָט דעמ קאמפּ איז די פּראָלעטארישע דיקטאטור.

„די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט — לערנט לענין — איז אַן אײַנגעשפּאַר־טער קאמף, א בלוטיקער און אומבלוטיקער, א געוואלטזאמער און פרידלעכער, א מיליטערישער און ווירטשאפטלעכער, א פּעדאגאָגישער און אדמיניסטראַטי־ווער קעגן די קרעפטן און טראדיציעס פון דער אלטער געזעלשאפט". *

דעריבער, ווען מיר ריידן וועגן די באזונדערקייטן, וועגן דער אייגנארטיקייט פון דער עקאָנאָמיק פון איבערגאנג־פּעריאָד, מוזן מיר פריער פון אלץ אָנהייבן פון דעם אנאליז פון דער פּראָלעטא־רישער דיקטאטור, וואָס איז דאָס געצייג אפ איבערצואנדערשן די עקאָנאָמישע באציונגען. דאָס דארף שטיין אין צענטער פון יעדער אויספאָרשונג פון דער עקאָנאָמיק פו־נעם איבערגאנג־פּעריאָד. אנדערש וועלן מיר גאָרנישט פאר־שטיין, אנדערש וועט בא אונדז קיין שום טעאָריע פון דער איבער־גאנג-עקאָנאָמיק זיך ניט באקומען.

בא אונדז וואקסן קאדערן נײַע יונגע טעאָרעטיקער. מיר פאר־מאָגן שוין א סאך ווערטפולע ווערק. אָבער צוגלײַך דערמיט האָבן די טעג פונעם 50-טן יאָרצײַט נאָך מארקס טויט באוויזן, אז בא אייניקע כאווײרים איז דאָ א לײַכטע, זאָרגלאָזע באציונג צו זייער טעאָרעטישער ארבעט. מיר מוזן אין אונדזער ווײַטערדיקער טעאָרע־טישער ארבעט האָבן מער אכטונג צו די טעאָרעטישע ווערק, צו דעם, וואָס ווערט געשריבן, ווײַל דאָס אלץ באקומט א רעזאָנאנס בא מיליאָנען, ווײַל יעדער ארטיקל אין א זשורנאל, יעדעס וואָרט האָבן א באדײַטונג פאר א מיליאָניקער אאודיטאָריע. מיר דארפן אכטן די דאָזיקע אאודיטאָריע און געבן איר נאָר אזעלכע זאכן, וואָס זײַנען ווי געהעריק באארבעט, זאכן, וואָס זײַנען ווערט אונדז־זער פּארטיי און אונדזערע ווינסשאפטלעכע קאָמוניסטישע אנשטאלטן.

---

* לענין, ווערק, ב. XXV, ז. 191.

# וועגנ פאריינפאכערײַ אונ פאריינפאכער *

פאר די לעצטע יאָרנ דעראָבערט די מארקסיסטיש־לענינשע טעאָריע נײַע פאָזיציעס. דער מעטאָד פונ מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק באקומט אלצ א גרעסערע פארשפרייטונג. דאָס באווײַזט דער אינטערעס, די שטרעבונג צו באהערשנ די מאטעריִאליסטישע דיִאלעקטיק, וואָס באמערקנ זיכ בא די סאָוועטישע וויסנשאפט־טוער. דער קער פונ די וויסנשאפט־ארבעטער צו דער מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק איז א פאקט פונ קאָלאָסאלער באדײַטונג.

אָבער אינ דער דאָזיקער באוועגונג פאר באהערשנ די מאטעריִאליסטישע דיִאלעקטיק, אינ די פרווונ זי אָנצווענדנ אינ פארשיידענע וויסנשאפטלעכע געביטנ ווערט, צוגלײַכ מיט ווערטפולנ, אָנגעזאמלט אויכ א סאכ איבעריקס, א סאכ פארשיידענע שלאקנ, א טאכ מיסט אונ אלערליי פארקריפלונגענ, וואָס מע דארפ זיי אָפשלײַדערנ מיט דער גאנצער אנטשיידנקײַט.

אינ א רײ פאלנ גייט דער קאמפ פאר דער מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק גאָר ניט מיט דעמ וועג, מיט וועלכנ ער וואָלט באדארפט גיינ, אונ באקומט צומאָל א ריינ ווערטערלעכנ, פאָרמעלנ, דעקלאראטיוונ כאראקטער. אייניקע כאווײרימ רעדוצירנ די פראָפאגאנדע פונ מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק אונ דעמ קאמפ פאר איר אָנווענדונג צומ אײנפאכנ אָנקלעפנ אונ אָנהענגענ דיִאלעקטישע אָדער מארקסיסטיש־לענינשע עטיקעטלעכ צו דעמ אָדער יענעמ געביט פונ דער וויסנשאפט. אנדערש ווי ווולגאריזירונג קאָנ מענ די דאָזיקע דערשײַנונגענ ניט אָנרופנ.

מע דארפ ווײַט נאָכ פאקטנ ניט גיינ. איליוסטראציעס דערצו קאָנ מענ געפינענ אינ א סאכ וויסנשאפטלעכע זשורנאלנ, אינ דער טעטיקײַט פונ די וויסנשאפטלעכע געזעלשאפטנ.

---

* „פראוודא“, נומ. 153, דעמ 4־טנ יולי, 1932 יאָר.

אַט דאָ ניט לאַנג האָט אפ א פארזאמלונג פונ די מאָסקווער כירורגנ דער מוטיקער כאַווער פּאָפּאָוויאַנ געהאַלטנ א פּאָרטראָג אפ דער טעמע „מארקסיזמ אונ כירורגיע", — א פּאָרטראָג, אינ וועלכנ ס'איז ניט געווענ ניט קיינ מארקסיזמ ניט קיינ כירורגיע; א געוויסער טעאָרעטיקער פונ טעכניק (פונ דער זשורנאַליסטיק ארויס!) האָט אָנגעשריבנ אנ ארטיקל: „די דיאַלעקטיק פונעמ מעטאָד פונ אינערלעכער ברענונג", אונ די געזעלשאפט מארקסיסטנ טעכניקער האָט אויסגעהערט פּאָרטראָגנ: „די דיאַלעקטיק פונ דער סינכראָניע-מאשינ", „די דיאַלעקטיק פונ קוואַליטאַטיווע שטאָלנ"; דער זשורנאַל „סאָוועטסקי וועסטניק ווענעראָלאָגיי אי דערמאַטאָלאָגיי" שטעלט זיכ אנ אופגאבע „אַלע פראגנ, וואָס ער באַלויכט (דה. די פראגנ פונ ווענעראָלאָגיע אונ דערמאַטאָלאָגיע, — א. ס.) שטעלנ פונ שטאַנדפּונקט פונעמ דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזמ" (א פּארמעסט, שייעכ צו זאָגנ, א נישקאָשעדיקער); אינ זעלבנ גייסט דעקלארירנ אויכ דער „זשורנאַל פאר עפּידעמיאָלאָגיע אונ מיקראָביאָלאָגיע" אונ א ריי אנדערע ספּעציעלע זשורנאַלנ.

דער זשורנאַל „זא מארקסיסטסקאָ-לענינסקאָיע יעסטעסטוואָזנאַניע" גיט לאָזונגענ „פאר פּארטייִשקייט אינ דער מאַטעמאַטיק", „פאר ריינקייט פונ דער מארקסיסטיש-לענינשער טעאָריע אינ דער כירורגיע". אינעמ אָרגאַנ „ניימאַש" (וויסנשאפטלעכ-פּאָרשערישער אינסטיטוט פאר מאשינ-בויונג אונ מעטאַל-באַארבעטונג) שרייבט דער כ' ס. אי. גובקינ, אפילע אפ א רעגע ניט קווענקלענדיק זיכ, אנ ארטיקל „וועגנ דער מארקסיסטיש-לענינשער טעאָריע אינ שמידעריי" (!), ווו ס'ווערט געזאָגט אַט וואָס:

„מע דארפ געדענקענ, אז קיינ איינ טעכנאָלאָגישער פּראָצעס טאָר ניט אינ אונדזערע באַדינגונגענ דורכגעפירט ווערנ אינ לעבנ אָנ א גענויער מארקסיסטישער באַגרינדונג, פּונקט אזוי ווי קיינ איינ מאשינ טאָר ניט איינגעשטעלט אונ אָוואַדע אויסגעשריבנ ווערנ פונ אויסלאַנד."

**דער אווטער באַקלאָגט זיכ, אז באַזונדערס שוואכ אינ דעמ פראַט האַלט עס**

„אפנ געביט פונ דער שמידעריי-אונ שטאַמפּ-פּראָדוקציע. דאָ ארבעט מענ ניט גאָר אָנ א מארקסיסטיש-לענינשער באַגרינדונג, נאָר צייטנווייז אפילע אָנ דער מינדסטער לאָגישער (ניט ריידנדיק שוינ פונ וויסנשאפטלעכער) באַלויכטונג פונעמ פּראָצעס".

**ס'ארא שאָד, וואָס דער אווטער האָט פריער ניט צו וויסנ גע-**

געבנ דעמ כ' אָרדזשאָניקידזע זײַנ איבעראַשנדיקע אַנטדעקונג! האָט מענ דאָכ שוינ א גאַנצנ פינפיאָר (וואָס איז טאַקע געווענ, אונ גאַנצ פעסט, מאַרקסיסטיש באַגרינדעט) באַוויזנ אָפּצואַרבעטנ בא די דאָמנעס, מאַרטענס, אינ קוזניעס, ניט וויסנדיק „די מאַרקסיסטיש־לענינשע באַגרינדונג פונעמ טעכנאָלאָגישנ פראָצעס". עס בלײַבט איבער צו ווינטשנ, אז דער אַוטער פונ אַרטיקל זאָל וואָס גיכער געבנ א באַגרינדונג כאָטש פונעמ שמידערײַ־וועזנ, — אַניט קאָנ נאָכ אַמאָל דער צווייטער פינפיאָר דורכ אָנ אַזעלכע „באַגרינדונגענ".

אַזוינע מינע בײַשפילנ וואָלט מענ געקאָנט געפינענ נאָכ א סאַכ. דער טאָכ זייערער באַשטייט אינ דעמ, וואָס עס ווערנ אָפנ סאַמע לײַכטזיניקנ אויפנ געבראַוכט די טערמינענ „דיאַלעקטיק" אונ „מאַרקסיזמ־לעניניזמ" פונ מענטשנ, וואָס האָבנ א קנאַפע פאָרשטעלונג וועגנ זייער ספּעציאַליטעט אונ נאָכ א קנאַפערע פאָרשטעלונג וועגנ דיאַלעקטיק, אונ דאָס פרוווּנ זיי מיט איינ מאַכ מיט דער האַנט „איבערבאַוואָפענע די וויסנשאַפט". פאַרשטייט זיכ, אז כוץ א לעכערלעכנ אונ נאַרישנ אַנעקדאָט, כוץ א דיסקרעדיטירונג פונעמ דיאַלעקטישנ מעטאָד וועט זיכ אינ רעזולטאַט דערפונ גאָרנישט באַקומענ.

אונ קיינ זאַכ ווידערשפּרעכט ניט אַזוי דער ווירקלעכער, אונ ניט ווערטערלעכער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק, ווי אַזוינע מינ פרוווּנ. איז דאָכ איינע פונ די גרונט־האַנאָכעס פונ אָט דער דיאַלעקטיק די האַנאָכע וועגנ דעמ, אז „קיינ אַבסטראַקטער עמעס איז ניטאָ, דער עמעס איז שטענדיק קאָנקרעט".

צי זײַנענ דענ ניט די גרעסטע זינד קעגנ דעמ די פרוווּנ, נאָכ דעמ, ווי מע האָט זיכ באַוואָרגט מיט עטלעכע ציטאַטעס אונ מיט א פּאָר האַנאָכעס „וועגנ דער איינהײַט פונ די קעגנזאַצנ", „וועגנ איבערגייִנ פונ קוואַנטיטעט אינ קוואַליטעט", צו „איבערבאַוואָפענענ" יעדנ צווײַג פונ דער וויסנשאַפט? צי איז דענ ניט קיינ כויזעק איבער דער דיאַלעקטיק די שטרעבונג צו פאַרוואַנדלענ זי אינ א מינ אוניווערסאַלנ נאָכשליסל, וואָס אז מע האָט אימ (אינ דער פאָרמ פונ איינער־צוויי אַלגעמיינע האַנאָכעס), באַקומט מענ די מעגלעכקײַט צו עפענענ יעדנ פאַרבאָרגענעמ ווינקל אונ טיר אינ יעטווידנ געביט פונ וויסנ.

ניינ, די מאַטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק איז בעשומויפנ ניט קיינ מאַגישע פאָרמולע, וואָס אז מע כאַזערט זי אײַנ, באַקומט מענ אָנ

שום ווײַטערדיקער מי און זאָרגן דעם שליסל צו אַלע סוידעס פון דער נאַטור, צום באַהערשן אַלע ספּעציאַליטעטן, פון כירורגיע ביז שוסטערײַ.

קיין שום אנדערע, ווי די גרונטלייגער פון דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק—מארקס, ענגעלס, לענין — האָבן אפן סאמע אנטשיידענעם אויפן געקעמפט קעגן אזא באַנאַלן, באַלעבעסלדיקן באַנעמען די דיאַלעקטיק, קעגן פאַרוואַנדלען זי אין א שפּיל פון טערמינען, אין סכאָלאַסטיק. זיי פלעגן קעסיידער אונטערשטרײַכן, אז די דיאַלעקטיק איז „די ריכטיקע אָפּבילדונג פון דער אייביקער אנטוויקלונג פון דער וועלט“, אז בויען וועלכע-ניט-איז וויסנשאַפט אפן גרונט פון דיאַלעקטיק — הייסט אופמערקזאַם און אַקשאָנעסדיק דערלערנען דעם אנטשפּרעכיקן קרײַז דערשײַנונגען אין זייער אנטוויקלונג, ווידערשפּרוכן, פאַרבינדונגען, אין זייער גאַנצער פילזײַטיקײַט, אָבער בעשומויפן ניט פאַרנעמען זיך מיט שפּילערײַ אין ווערטער.

קעדיי אפן גרונט פון דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם איבערצואַרבעטן די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט מארקס דערלערנט די געשיכטע פון אָט דער וויסנשאַפט, די סטאַטיסטיק, די טעכניק און איר געשיכטע, האָט דורכגעאַרבעט בערג פון פאַקטישן מאַטעריאַל איבער דער עקאָנאָמיק פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און זייער געשיכטע, און נאָר אפן גרונט פון אָט דער ריזיקער אַרבעט האָט געקאָנט אנטשטיין די געניאַלע געבײַדע פונעם „קאַפּיטאַל“. מארקס האָט זיך מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג באַצויגן צו די, וואָס פלעגן זיך פּרוּוון מיט אײַנקנאַק בלויז מיט דיאַלעקטישע פאָרמולעס „איבערבאַוואָפענען“ די וויסנשאַפטן.

אינעם בריוו צו ענגעלסן פון 1־טן פעוורואַל 1858 יאָר, קריטיקירנדיק לאַסאַלס אַרבעט וועגן העראַקליטן פאַרן רײַן פאָרמעלן געברויכן די העגעלשע דיאַלעקטיק, שרײַבט מארקס:

„פון דער דאָזיקער אָנמערקונג (לאַסאַלס. — א. ס.) זע איך, אז ער (לאַסאַל. — א. ס.) קלײַבט זיך אין זײַן צווייטער גרויסער שאַפונג העגעליאַניש איבערגעבן די פּאָליטישע עקאָנאָמיע. ער וועט זיך דאַן אָפּ דער ביטערער דערפאַרונג איבערצײַגן, אז איין זאַך איז — מיט .דער הילף פון קריטיק דערפירן די וויסנשאַפט צו אַזאַ שטופע, אז מע זאָל זי קענען איבערגעבן דיאַלעקטיש, און א צווייטע זאַך איז — אָנווענדן א פאַרטיקע אַבסטראַקטע סיסטעם פון לאָגיק צו הוילע פאָרגעפילן פון אַזאַ מין סיסטעם.

ווי איך האָב דיר שוין געשריבן וועגן זײַן ערשטן בריוו, דאַרפן די

אלט־העגעליאנער און די פילאָלאָגן זײַנען זייער צופרידן, געפינענדיק אינעם יונגנמאנ, וואָס רעכנט זיך פאר א גרויסן רעוואָליוציאָנער, אזא אלטמאָדישן טאָך”.*

א גרויסן ווערט האָט צו דער פראגע וועגן דעם מעטאָד אויך די פאָלגנדיקע באמערקונג מארקס אינעם בריוו צו קוגעלמאנענ פונ 27-טנ יונ 1870 יאָר:

„הער לאנגע (אינ בוך וועגנ דער ארבעטער־פראגע אאוו. 2־טע אופלאגע) לויבט מיך א סאך, אָבער נאָר קעדיי צו לויבנ זיך אליינ,— און אָט פארוואָס: דער הער לאנגע האָט געמאכט א גרויסע אנטדעקונג. די גאנצע געשיכטע דארפ ארונטערגעפירט ווערנ אונטער איינ גרויסנ נאטור־געזעצ. דער דאָזיקער געזעצ באשטייט אינ דער פראזע „קאמפ פאר עקזיסטענץ” (דארווינס אויסדרוק, וואָס איז אויסגענוצט אינ אָט דעמ פאל, איז א פאָשעטע פראזע), און דער אינהאלט פונ דער דאָזיקער פראזע — דאָס איז מאלטוסעס געזעצ וועגנ באפעלקערונג, אָדער גיכער, וועגנ איבערבאפעלקערונג. אזוי ארומ איז אָנשטאָט צו אנאליזירנ דעמ „קאמפ פאר עקזיסטענץ”, אזוי ווי ער אנטפלעקט זיך היסטאָריש אינ פארשיידענע באשטימטע פאָרמענ פונ דער געזעלשאפט, ווערט די גאנצע זאך רעדוצירט בלויז צומ ארײַנפאסנ יעדנ קאָנקרעטנ קאמפ אינ דער פראזע: „קאמפ פאר עקזיסטענץ”, און אָט די פראזע — צו דער מאלטוסישער פראזע וועגנ איבערבאפעלקערונג.

מע מוז מודע זײַנ, אז דאָס איז זייער א טיפער מעטאָד פאר אופגעבלאָזענער קלוימערשט וויסנשאפטלעכער, מעליצעדיקער אמעראצעס, וואָס מאכט אנ אָנשטעל פונ וויסנשאפטלעכקייט, און פאר פוילקייט פונ געדאנק.**

ניט איינ מאָל איז מארקס מיט זײַנ גאנצער לײַדנשאפטלעכער קראפט אָנגעפאלנ אפ די, וואָס פארבײַטנ דאָס דערלערנענ דאָס לעבעדיקע לעבנ, דעמ קלאסנקאמפ אינ אלע זײַנע פאָרמענ און אנטפלעקונגענ אפ פראווענ פאָקוסנ מיט אלערליי אלגעמיינע האנאָכעס און פאָרמולעס, מיט אבסטראקטע געזעצנ, ארײַנפאסנדיק אינ זיי די לעבעדיקעווירקלעכקײַט. זײַנע מארקסיסטישע באמערקונגענ בלײַבנ אויך איצט גילטיק אינ דער פולער מאָס קעגנ די, וואָס באנאליזירנ די דיאלעקטיק און מאסקירנ זייער „אמעראצעס און פוילקײַט פונ געדאנק” מיט טראסקעדיקע פראזעס און מיטנ איבערקײַענ אלגעמיינע

* מארקס און ענגעלס. בריוו. אונטער דער רעד. פונ וו. וו. אראָראטסקי, ז. 136 פארטיי־פארלאג, 1932 י.

** „מארקס בריוו צו קוגעלמאנענ” ז. 86, מעלוכע־פארלאג, 1928 י.

האנאָכעס וועגנ דיִאלעקטיק, ניט רוקנדיק זיכ קיינ שריט פאָרויס (אונ אָפטמאָל אויכ ניט וועלנדיק זיכ רוקנ פאָרויס) אינעמ באהערשנ דאָס קאָנקרעטע וויסנ.

פאר די „טעאָרעטיקער“, וואָס פרווונ פארוואנדלענ די האנאָכעס פונ מארקסיזמ אינ א מינ אלגעמיינעמ נאָכשליסל, וואָס טויג אפ עפענענ אָנ איבעריקער מי אלע טירנ, איז נוצלעכ צו ברענגענ אויכ די פאָלגנדיקע כאראקטעריסטיק, וואָס לענינ האָט געגעבנ אונדזער לערע.

„מיר קוקנ קלאל ניט אפ מארקס טעאָריע ווי אפ עפעס אזויגס, וואָס איז פארענדיקט אונ אומבארירלעכ; פארקערט, מיר זיינענ איבערצייגט, אז זי האָט נאָר פארלייגט די ווינקל־שטיינער פונ דער וויסנשאפט, וואָס די סאָציאליסטנ *מוזנ* רוקנ ווייטער אינ אלע ריכטונגענ, אויב זיי ווילנ ניט אָפשטיינ פונ לעבנ. מיר מיינענ, אז פאר די רוסישע סאָציאליסטנ איז באזונדערס נייטיק *זעלבשטענדיק* פאנאנדערארבעטנ מארקס טעאָריע, ווייל די דאָזיקע טעאָריע גיט נאָר אנ אלגעמיינע *אָנפירנדיקע* האנאָכע, וועלכע ווערט אָנגעווענדט ביפראט צו ענגלאנד, אנדערש איידער צו פראנקרייכ, צו פראנקרייכ אנדערש ווי צו דייטשלאנד, אונ צו דייטשלאנד אנדערש ווי צו רוסלאנד“.*

די דאָזיקע שורעס זיינענ אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ 1889 יאָר, אונ לענינ, ארויסגייענדיק פונ מארקס אָנפירנדיקע האנאָכעס, האָבנדיק פאנאנדערגעארבעט אנ אומגעהייערנ מאטעריאל איבער דער געשיכטע פונ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד, איבער דער אגרארער אונ נאציאָנאלער פראגע, איבער אימפעריאליזמ, איבער פילאָסאָפיע, האָט ניט בלויז געגעבנ מוסטערנ פונ מארקסיסטישנ אָנווענדנ די דיאלעקטיק, נאָר האָט אויכ אופגעהויבנ מארקס לערע אפ א נייער שטופע.

„מיר זיינענ אלע מאסקימ, אז אינ יעדנ וויסנשאפטלעכנ געביט — אזוי צייגס, צי אינ נאטורוויסנשאפט, צי אינ געשיכטע — דארפ מענ ארויסגייג פונ די געגעבענע *פאקטנ*, ד. ה. אז אינ דער נאטורוויסנשאפט דארפ מענ ארויסגייג פונ די פארשיידענע אָביעקטיווע באוועגונג־פאָרמענ פונ דער מאטעריע (מיר, סאָציאליסטישע מאטעריאליסטנ, גייענ א סאכ ווייטער פאר די נאטורפאָרשער...) אונ, הייסט עס, אז אינ דער טעאָרעטישער נאטורוויסנשאפט טאָר מענ ניט קאָנסטרויִרנ קיינ פארבינדונגענ אונ אריינטראָגנ זיי אינ די פאקטנ, נאָר מע דארפ זיי ארויסציִענ פונ די פאקטנ אונ, האָבנדיק זיי געפונענ, דערווייזנ זיי, אפ וויפל דאָס איז מעגלעכ, עקספערימענטאל.**

---

* לענינ, ווערק, ב. II ז. 492.

** ענגעלס. די דיאלעקטיק פונ דער נאטור, ז. 91, מעלוכע־פארלאג, 1931 י.

אזוי האָבן געשטעלט די פראגע וועגן אָנווענדן דעם דיִאַלעק־טישן מעטאָד די גרונטלייגער פון מארקסיזם. אזוי שטעלט די פראגע אונדזער פארטיי בעראָש מיט כ׳ סטאלין, וואָס אין זיינע אר־בעטן, אין קאמף מיט די אָפּנייגן אין דער פארטיי, אינעם לייזן די פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער בויונג זעצט ער פאָר די זאך פון מארקס, ענגעלס און לענין.

* * *

דאָס פארשטייען ניט, וועגן דעם פארגעסן אייניקע ספּריטנע טע־אָרעטיקער, וואָס האָבנדיק אָקאָרשט דורכגעמאכט א פילאָסאָפישן סע־מינאר, קלייבן זיי זיך, פונקט ווי דיורינג אָלעוואשאָלעם, נאָר מיט נאָך א קלענערן דערפאָלג ווי ער, מאכן „אן איבערקערעניש אין דער וויסנשאפט“.

די דאָזיקע כאוויירים פארגעסן וועגן דעם אונטערשייד צווישן די געזעלשאפטלעכע וויסנשאפטן און די נאטורוויסנשאפטן, צווישן די אבסטראקטע (אלגעמיינע) וויסנשאפטן און קאָנקרעטע וויסנשאפטן. זיי פארשטייען ניט, אז די אלגעמיינע האנאָכעס פון דער דיִאַלעק־טיק קאָן מען בעשומויפן ניט פּאָשעט מעכאניש אריבערטראָגן אין די ספּעציעלע וויסנשאפטן. זיי פארשטייען ניט, אז איין זאך איז אָנ־ווענדן דעם דיִאַלעקטישן מעטאָד אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אן אנדער זאך — אָנווענדן אים אין דער מאטעמאטיק, פיזיק און שוין אוודאי, לאָמיר זאָגן, אין דער כירורגיע. אָט די ספּריטנע טע־אָרעטיקער נעמען ניט אין אכט, אז די רעקאָנסטרוקציע פון מאטע־מאטיק, פיזיק אאוו. קאָן דערגרייכט ווערן אפן גרונט פון זאָרגעוו־דיקן קריטישן איבערארבעטן דעם גאנצן אָנגעזאמלטן מא־טעריאל פון דער געגעבענער וויסנשאפט, פון וויסן איר געשיכטע, פון פארשטיין איר ספּעציפיק אאוו., שוין ניט ריידנ־דיק וועגן אזא עלעמענטארער פּאָרהאנאָכע, ווי די נייטיקייט צו זיין אי א ספּעציאַליסט אין אייגענעם פאך אי א גוטער קענער פון דיִאַלעקטיק. דאָס זיינען, דוכט זיך, עלעמענטארע זאכן. אָבער וועגן דעם פארגעסן צומאָל די וויסנשאפטלעכע טוער, וואָס אָנשטאָט איינגעשפּארטער ארבעט אין זייער געביט, אָנשטאָט צו באַ־הערשן דעם מאטעריאל פון זייער וויסנשאפט, אָנשטאָט ווירקלעך צו פארטיידיקן די מארקסיסטישע אָנשויונגען, באגרינדנדיק און דער־

וויַיזנדיק יעדן שריט זייערן מיט זאַכ־קענטעניש, מיט פאַקטן, מיט עקספּערימענטן, אָנשטאָט אָט דער שווערער אַרבעט האָבן זיי גערנער אַלערליי אַלגעמיינע דעקלאַראַציעס און אַלגעמיינע כקירעס וועגן דעם מעטאָד. די וואָרצלען פון דער דעבאָרינישער שול לאָזן זיך נאָך, ווי ס׳וויַיזט אויס, פילן אַפן טעאָרעטישן פראָנט. וויַיל וואָס דען, אויב ניט אַנטפּלעקונג פונעם מענשעוויזירנדיקן אידעאַליזם איז דער מעטאָדאָלאָגישער וואָרט־זנוס, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פאַר מאַרקסיסטישער וויסנשאַפטלעכקייַט, די פּרוּוון צו רעקאָנסטרויִרן די וויסנשאַפט, ניט האָבנדיק אַפילע געשמעקט קיין פיזיק אָדער כירורגיע.

דאָס ברענגט דעם גרעסטן שאָדן ניט נאָר דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, נאָר דאָס פירט אויך צו פאַרבאַנאַליזירן די מאַטעריִאַליסטישע דיִאַלעקטיק — דעם יעסאָד פון די יעסוידעס פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער לערע.

אָט זיַינען, לעמאָשל, די שריַיבעכצן פון אַ געוויסן טעאָרעטיקער מיט אַ פיל־צוזאָגנדיקן קעפּל: „די מאַטעריִאַליסטישע דיִאַלעקטיק און די פיש־ווירטשאַפט“. אָט איז אַ „דיִאַלעקטישע“ כאַראַקטעריסטיק פון דער פיש־ווירטשאַפט פונעם קאַנט: „זי געפינט זיך נאָך איצט אין דער אָנפאַנגלעכער סטאַדיע פון איר ווערן — פון איר געבורט. זי האָט זיך ערשט באַוויזן“. אָדער צום ביַישפּיל, אַזאַ „דיִאַלעקטישער“ פּערל: „אָבער די פיש, — די פיש־באַפעלקערונג פונעם וואַסער־באַסיין, פון די אָפענע באַסיינען באַזונדערס, איז ביזן סאָף אַ דיִבאַמישער, ניט אַזוי אַ געגנשטאַנד, ווי אַ פּראָצעס, אַ באַוועגלעכער, אויסדריקנדיק זיך אַפן פילאָסאָפישן לאָשן, אין אַלע זיַינע קאַטעגאָריעס. טאַקע דערין באַשטייט די קלאַסישע דיִאַלעקטישע קלאָרקיַיט פון דער פיש־ווירטשאַפט“.*

איז עס דען ניט קיין שאַנדע, וואָס אַזאַ מין באַנאַליטעט און קיזאַטש ווערט געדרוקט אַפ די שפּאַלטן פון אונדזערע זשורנאַלן? און דאָס איז אָנשטאָט צו דרוקן זאַכלעכע אַרטיקלען פון זאַכלעכע ספּעציִאַליסטן איבער פראַגן פון פישפאַנג־ווירטשאַפט.

איז דען ניט קלאָר, אַז אַ זאַכלעכער בוך און אַן אַרטיקל איבער די פראַגן פון פיזיק, פון טעכניק, פון דער זעלביקער פיש־ווירטשאַפט

* „די סאָציִאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער פיש־ווירטשאַפט פונעם וויַיטן מיזרעך“, נום. 5, 1931 י.

איז פאר אונדז אָן אַ ערעכ בעסער, נוצלעכער (אפילע אָן „מארקסיסטישער באגרינדונג“), איידער אזא „דיִאלעקטישע“ בעבעניש?

צום באדויערן, ווערן בא אונדז אָפטמאָל זאכלעכע, נוצלעכע ביכער און ארטיקלען פון סאָוועטישע ספעציִאליסטן שארפ אָנגעגריפן דערפאר, וואָס אין זיי איז ניטאָ קיין דיִאלעקטיק, און אין דער זעלבער צייט געפינט מען פאר מעגלעכ אונטערצוטראָגן אפ די שפאלטן פון די זשורנאלן אזא מין טיפשעס.

אזוי פארשטייען זייערע אופגאבן אייניקע אויכ־מיר־מארקסיסטן.

די פרוווּן פּאַשעט און אומיטלבאר אריבערצוטראָגן דעם מארקסיזם אין יעדן געביט — פון מיקראָביִאָלאָגיע ביז שוכטערייַ — ברענגען אָפט צו פארקריפלונגען אין דער פראקטיק, און דאָס איז שוין א סאכ אַ ערנסטערע זאכ.

עס האָבן זיכ געפונען טעאָרעטיקער, וואָס האָבן באשלאָסן צו רעקאָנסטרויִרן אויכ די מעדיצין קלוימערשט אפן גרונט פון מארקסיזם־לעניניזם. פריִער איז די מעדיצין געווען דעריקער א לערע וועגן קראנקייטן. אָנווענדנדיק די אייגנארטיקע דיִאלעקטיק און, ווי ס'ווייזט אויס, דעם געזעצ פון נעגאציע, האָבן זיי באשלאָסן, אז איצט קאָן די מעדיצין ניט זיין עפעס אנדערש, ווי א לערע וועגן געזונט. אין פלוג, דוכט זיכ, א גאנצ ווילע זאכ, א ריכטיקע זאכ, וואָס פארדינט מיטגעפיל, אָבער וואָס באקומט זיכ דערפון אין דער פראקטיק?

אינעם בוכ „זא סאָצ. רעקאָנסטרוקציִו זדראוואָכראנעניִא“ (פאר א סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונעם געזונט־שוצ) פון די כ'כ בארסוקאָוו און זשוק מ. (1932 י.) באקומט דער דאָזיקער געדאנק אזא אנטוויקלונג: „צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מעדיצין וועט דער דאָקטער, האָבנדיק באהערשט די קענטעניש פונעם טעכנאָלאָגישן פראָצעס, אָנשטאָט אומנוצלעכ „צערעווען“ די אינדיווידואליסטישע הייל־מעדיצין, ווערן צוגלייכ מיטן אינזשעניער אַן אָרגאניזאטער פון דער סאָציִאליסטישער פראָדוקציע. פון די געזונט־פונקטן אין די אונטערנעמונגען וועלן אויסוואקסן ראציִאָנאליזאטאָרישע סטאנציעס, וואָס זייער גרונט־אופגאבע וועט זיין דאָס באוווסטזיניקע באהערשן דעם פראָצעס פון אָרגאניזירן דעם סאָציִאליסטישן פראָדוציר־פראָצעס, קעדיי צו שאפן די סאמע אָנגענעמע און געזונטע ארבעט־באדינגונגען“ (ז. 28).

און דער לייטארטיקל פון „עקאָנאָמיטשעסקאיא זשיזנ״, געווידמעט די אופגאבנ פון געזונט-פארהיטונג אינעם צווייטנ פינפיאָר, דערמאָנט ניט מיט קיינ איינ וואָרט ניט וועגנ א ש פּ י ט אָ ל, ניט וועגנ א ד אָ ק ט ע ר.

אלזאָ, אראָפּ דאָס „אינדיווידואליסטישע צערעוועני״ (דה. דאָס היילנ קראנקע), אראָפּ די שפּיטאָלנ, לעבנ זאָל דער דאָקטער, וואָס באהערשט צוזאמענ מיטנ אינזשעניער דעמ פּראָדוציר-פּראָצעס!

ווענ דאָס וואָלט געווענ בלויז טעאָריע, וואָלט נאָכ געווענ א האלב צאָרע! דער אומגליק איז אָבער, וואָס אייניקע כאווייריִמ פּרוּווּנ זיע ערנסט פארווירקלעכנ אזוינע איינשטעלונגענ אינ דער פּראקטיק. אוכ דאָס גרענעצט שוינ מיט כאָפּלאָפּעריי. נ

פארהיטנדיקע מיטלענ קעגנ קראנקייטנ (פּראָפּילאקטיק), סאָציִאלע היגיִענע, וואָס דאָס איז א דעראָבערונג פונ דער רעוואָליוציע, באקומענ אונ וועלנ באקומענ אלץ א גרעסערע באדייטונג אינ דער ארבעט פונ די אָרגאנענ פאר געזונט-פארהיטונג. אָבער דערפונ דרינגט בעשומויפנ ניט ארויס, אז מיר דארפנ אינ א וועלכער-ניט-איז מאָס אָפּשוואכנ אונדזער אופמערקזאמקייט צומ פאנאנדערוויקלענ די שפּיטאָלנ, צומ צוגרייטנ דאָקטוירימ־ספּעציִאליסטנ. אינ דער מינדסטער מאָס ניט!

אונ די לייט, וואָס פּרוּווּנ א דריי טאָנ אפ פארקערט, פארשטייענ ניט דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ, ניט מעדיצינ, ניט אונדזערע אופגאבנ.

„א געטרייער נאר איז געפערלעכער פאר א סוינע״.

* * *

צומ שלוס א פּאָר ווערטער:

מע טאָר בעשומויפנ ניט פארגעסנ לעניִנס אָנווייזונג וועגנ דעמ, —

„אז אָנ א סאָלידער פילאָסאָפישער באגרינדונג קאָנענ קיינ שום נאטורוויסנשאפטנ, קיינ שום מאטעריִאליזמ ניט אויסהאלטנ דעמ קאמפ קעגנ דעמ דראנג פונ די בורזשואזע אידייענ אונ קעגנ דער רעסטאווראציע פונ דער בורזשואזער וועלט־אָנשויונג, קעדיי אויסצוהאלטנ אָט דעמ קאמפ אונ דורכפירנ אימ ביזנ סאָפ מיט פולנ דערפאָלג, מוז דער נאטור־פאָרשער זיינ א מאָדערנער מא־

טעריאַליסט, א באוווסטזיניקער אָנהענגער פון דעם מאטעריאַליזם, וואָס מארקס שטעלט אים פאָר, דאָס הייסט, ער דארף זײַן א דיאַלעקטישער מאטעריאַליסט.*

אונדזערע וויסנשאפטלעכע טוער דארפן זאָרגעווודיק און סיסטעמאטיש דערלערנען דעם דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם, זיי מוזן נעמען אונטערן פײַער יעדע פראָפּאגאנדע פון פּאָפּאָוושטשינע, פון אידעאַליזם אין אלע פאָרמען און אנטפּלעקונגען. ווי עס זאָלן זיך ניט סטאַרען די אָנהענגער פונעם מעכאניציזם אראָפּצונעמען די אופגאבע פון קאמף פאר דיאַלעקטיק, שטייט די דאָזיקע אופגאבע — דער קאמף פארן דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם קעגן דער בורזשואזער וועלט־אָנשויונג — און זי וועט שטיין בא אונדז אין טאָג־אָרדענונג.

מע קאָן אָבער אָט דעם קאמף ניט פירן אין אָרדענונג פון דעקלאראציעס, פון אָפּשפּרעכעכנישן, פון וואָרט־טאראראם. פון א וויסנשאפטלעכן טוער פאָדערט זיך, פריִער פון אלץ, ער זאָל ערנסט באהערשן זײַן פאך, קענען זײַן וויסנשאפטלעכן געביט, אקשאָנעסדיק אין אים ארבעטן — נאָר בא דעם באדינג איז מעגלעך א ווירקלעכער קאמף קעגן דער בורזשואזער וועלט־אָנשויונג און דער ניצאָכן פון דעם דיאַלעקטישן מעטאָד, אָן דעם דאָזיקן באדינג איז א דעקלאראציע וועגן פארטייִשקײַט אין דער וויסנשאפט גאָרנישט ווערט. וואָס קומט ארויס פון א דעקלאראציע „פאר פארטייִשקײַט אין דער מאטעמאטיק”, אויב די מענטשן, וואָס רוקן ארויס אָט דעם לאָזונג, קענען ניט קיין מאטעמאטיק? מע קאָן צענדליקער מאָל שווערן טרײַהײַט דעם דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם און פאָדערן פארווירקלעכן אים אין דער מאטעמאטיק, נאָר די אלע שוווּעס און דערקלערונגען זײַנען א פוסטער קלאַנג, אויב זיי ווערן ניט געשטיצט מיט קענען דעם געגנשטאנד גופע, זײַן מעטאָד, זײַנע פּראָבלעמעס, מיט פארשטיין ווי און אף וואָסער אויפן אנטפּלעקט זיך קאָנקרעט אין דער געגעבענער דיסציפּלין די בורזשואזע וועלט־אָנשויונג.

עס איז צײַט אויך אוועקצושטעלן בא די אומפארטייִשע ספּעציאַליסטן אף א מער קוואליפיצירטן אויפן די פראָפּאגאנדע פו־

* לענין, ווערק, ב. XXVII, ז. 187.

נעמ מארקסיזמ־לעניניזמ און פונ דער מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק.

ווײַזנ די אומפּארטײִשע ווי צו פירנ דעמ דאָמנע־פּראָצעס אפנ באָדנ פונ מארקסיזמ־לעניניזמ אָדער ווי צו מאָלנ בילדער אָדער בויענ הײַזער אפ דער באזע פונ מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק — דאָס קאָנענ מיר ניט. און דער, ווער עס נעמט זיכ יאָ דערפאר, איז א שארלאטאנ. אָבער געבנ זיי די בעסטע ווערק פונ די גרונטלייגער פונעמ מארקסיזמ, אָרגאניזירנ זאכלעכע לעקציעס איבער די פראגנ פונ דיִאלעקטיק, באווײַזנ ווי מארקס, ענגעלס, לענינ און סטאלינ האָבנ אינ זייערע ווערק דורכגעפירט דעמ דיִאלעקטישנ מעטאָד, — דאָס זײַנענ מיר ניט נאָר אימשטאנד, נאָר דאָס מוזנ מיר אומבאדינגט טאָנ. און די וויסנשאפטלעכע טוער, וואָס גייענ אופריכטיק אריבער צו אונדז, לערנענדיק זיכ בא מארקסנ און לענינענ, זיי וועלנ זאָרגנ און טראכטנ וועגנ דעמ, וויִאזוי אינ זייערע געביטנ אָנצווענדנ דעמ דיִאלעקטישנ מעטאָד אפנ באָדנ פונ די קענטענישנ, וואָס זיי האָבנ, פונעמ פאקטישנ מאטעריאל, פונעמ ווירקלעכנ פארשטיינ די פּראָבלעמעס פונ זייער וויסנשאפט.

און, צולעצט, וועגנ די וויסנשאפטלעכע געזעלשאפטנ. ארומ דער קאָמאקאדעמיע האָט זיכ אויסגעבילדעט א היפשע נעצ געזעלשאפטנ: פיזיִאָלאָגנ־מארקסיסטנ, דאָקטוירימ־מארקסיסטנ, מאטעמאטיקער אא.

אָט די אלע געזעלשאפטנ האָבנ קימאט א דורכויס קאָמוניסטישנ באשטאנד. זיי האָבנ זיכ אײַנגעשלאָסנ אינ זייער שאָלעכצ און אָפּגעצאמט זיכ פונ די ברייטע געזעלשאפטנ סאָוועטישע ספּעציִאליסטנ. צי איז דאָ אויכ ניט צײַט אראָפּצונעמענ אָט די אָפּצאמונגענ, און די קאָמוניסטנ זאָלנ ארײַנגייִנ אינ די ברייטע געזעלשאפטנ סאָוועטישע ספּעציִאליסטנ, קעדיי האנט בא האנט מיט זיי, און שטרײַטנדיק, ווענ עס איז נייטיק, ארבעטנ איבער דער לייזונג פונ וויסנשאפטלעכע פּראָבלעמעס ניט מיט ווערטער, נאָר מיט מײַסימ?

# אינהאַלט.




Редактор—Шварцборд. Техред. Тененбаум. Корректор—Иткин. Сдано в производство 29|I 34. Подписано к печати 7|III· Бумага 82×110 1/32 5 п. л. 72.000 зн. в п. л. Уп. Главлита В—76317. Тираж 3000

Тип. изд-ва „Дер Эмес“, Москва, Покровка, 9. Зак. № 112.